אלע ווערק
פון
אברהם רייזען
אין 12 בענדער

# יובילעאום אויסגאבע

דריטע אויפלאגע



אבּרהם רייזען.

פיערטער באַנד:

# אין שטאָרם

פֿרויסגעגעבען פֿון פערלאג א י ד י ש
1917 ניו־יאָרק תרע"ז.

# דער ליגען.

פריעדמאַן, א יונגער מענש פון א יאָהר 25, א לעהרער, איז געגאַנגען פון זיין לעצטער לעקציאָן, וואָס ער האָט געהאַט ערגעץ אין א פערוואָרפען שטיל געסעל און האָט געהאַט בדעה אריינגעהן אין דער נאָהענטער קאַפע־הויז עסען אבענד־ברויט און דורכלעזען, ווי זיין שטייגער איז, די טעגליכע בלעטער, וואָס געפינען זיך אין דעם קאפע־הויז. איידער ער איז דערגעגאַנגען ביז צום קאפע־הויז, האָט ער דערפיהלט א ריהר פאַר'ן פלייצע. ער האָט זיך אומגעקוקט און פאַר איהם איז געשטאַנען זיין בלייכער חבר זעלווין.

— וואוהין געהסטו? — האָט פריעדמאַן געפרעגט, בעטראַכטענדיג איהם פון קאָפּ ביז די פיס.

— איך געה — איך... איך מוז האָבען א רובעל... ער האָט זיך אָבגעהאַקט, ווי איהם וואָלט אָטהעם פערפעהלט און האָט באַלד ווי דערשראָקען צוגעגעבען:

— לייה מיר, פריעדמאַן א רובל... איך מוז האָבען...

פריעדמאַן האָט ווי מאַשינאַל אריינגערוקט די האַנד אין טאַש, וואו ער האָט אַנגעטאַפּט דעם איינציגען זילבערנעם רובל, וואָס איז דאָרט געלעגען און האָט געשווינד ארויסגערעדט:

—איך האָב ניט, אויף נאמנות!

—אומגליקליך! — האָט זעלווין שמערצליך פערקרימט דאָס געזיכט — איך וואוין אויף א קוואַרטיר, וואו ס'איז א

דלות — זאָל דער אויבערשטער זיך מרחם זיין און איך קום נאָך דאַרט א רובל צום חודש... שוין דריי טעג, אז איך פּיהר זיי, איך וועל גאָר ניט קענען געהן אהיים היינט נעכטיגען אהן א רובל... חאָטש נעכטיג אויפ׳ן גאַס.

„איך האָב איהם געדאַרפט לייהען דעם רובל — א רחמנות" — האָט פריעדמאַן שוין חרטה געהאַט, ער האָט עס אָבער ניט געקענט פערכאַפּען און האָט זיך געלאָזט געהן ניט וויסענדיג וואוהין, זעלווין איז איהם נאָכגעגאַנגען.

דאָס קאַפע־הויז זיינען זיי שוין איבערגעגאַנגען און פריעדמאַן האָט ניט געוואוסט, ווי אזוי זיך אָבצושעפּען פון זיין חבר, אויף וועלכען ער האָט זעהר רחמנות געהאַט...

— אומגליקליך! אומגליקליך! — האָט זעלווין אַלץ גע־חזר׳ט, פּונקט ווי די צוויי ווערטער צו חזר׳ן איז געווען א מין סגולה צו קריגען דעם נויטיגען רובל.

פריעדמאַנען האָט דער פערצווייפעלטער טאָן געקלאַפּט ווי מיט א האַמער איבער׳ן קאָפּ, און ער איז געווען אין כעס אויף זיך און אויפ׳ן חבר.

— ווייסטו גאָר וואָס! — האָט פּלוצלונג זעלווין אויסגע־רופען, — איך וועל היינט געהן נעכטיגען צו דיר... איך קען ניט געהן אויף דער וואוינונג... איך קען ניט!..

פריעדמאַן האָט א קוק געטהאָן אויף זיין חבר און האָט געזעהן, ווי זיין פּנים איז פערקנייטשט און די אויגען פער־צווייפעלט און זוכען הילף, ניט האָפענדיג צו געפינען עס. ער, פריעדמאַן, קען איהם יעצט העלפען, ער דאַרף נאָר אָבזשאַלע־ווען דעם רובל, וועלכער איז איהם אפילו זעהר נויטיג און אָב־שעמען זיך און זאָגען, אז ער האָט יאָ א רובל; און ער האָט נאָך א קורצע מלחמה מיט זיך אליין שוין געעפענט דאָס מויל און געוואָלט אויסרופען: נא דיר דעם רובל, נאָר אין מח האָט עפּעס א בליץ געטהאָן א שטיקעל רעיון און ער האָט געזאָגט:

— קום צו מיר נעכטיגן... מיט'ן גרעסטען פערגעניגען. מיר וועלען שלאפען ביידע.

זעלווינס געזיכט איז ווי גלאטער געווארען, זיינע אוי־גען האבען זיך אויסגעלייטערט, און פיהלענדיג זיך ערגרינגערט, ווי איינער וואס האט אראבגעווארפען פון זיך א שווערע משא, האט ער זיך צערעדט:

— צום שווארץ יאהר! ווי עס קומט אן שווער דאס דירה־געלד! עסען האט מיך קיינמאל ניט אזוי גערדריקט ווי דאס נעכטיגען. זינט איך בין דא אין דער גרויסער שטאדט, פיהל איך מיך עפעס ווי א בראדיאגע, וואס איז ניט זיכער, אז ער וועט ביינאכט האבען וואו דעם קאפ אנידער צולעגען.

פריעדמאן האט דערויף גאר נישט געענטפערט, ער האט נאר געהאלטען די האנד אין טאש און געחזר'ט אין געדאנק, אז „ער האט ניט", ער זאל חלילה ניט פערגעסען און זיך ארויסכאפען מיט אווארט... און אנריהרענדיג דעם רובל מיט די שפיצען פינגער, פלעגט זיך איהם דאכטען, אז ער האלט עפעס א שמוציגע זאך, וואס פערפלעקט איהם אויף אייביג און ער פלעגט די האנד מיט שרעק ארויסכאפען און בעשלי־סען, ער זאל שוין מעהר די האנד צוריק ניט אריינלעגען אין טאש און פערגעסען אן גאנצען רובל. אז זעלווין פלעגט אבער אנהייבען ריידען וועגען גויט, פלעגט ער, ווי זיך אליין צוריי־צען, וויעדער אריינלעגען די האנד אין טאש, און איהם פלעגט זיך דאכטען, אז אט באלד פערגעסט ער זיך און כאפט ארויס דעם רובל און זעלווין דערזעהט עס, — און עס פלעגט איהם בע־פאלען א שרעק.

— אט אזוי איז דאס! — האט זעלווין אויסגערופען ווי צופריעדען, וואס ער האט ענדליך געפונען א מקום מקלט אויף היינטיגער נאכט, אריינקומענדיג צו פרידמאנען אין צימעריל.

— יא, יא! — האט פרידמאן ווי פערטראכט נאכגעגע־בען... ער האט די האנד וויעדער אריינגעלעגט אין טאש און

ניט גלויבענדיג זיך אליין, אז ער וועט האָבען בכח זיך איינהאַל־טען און ניט ארויסכאַפּען פון טאַש דעם רובל, האָט ער איהם שטילערהייט, פערקוועטשענדיג אין האנד, ארויסגענומען פון טאַש און אין דער פינסטער, איידער ער האָט א ליכט אין צי־מער אָנגעצונדען, דעם רובל אריינגעלעגט אין שוך...

נאָך דער אָפּעראַציאָן איז איהם, ווי א שטיין פון הארצען אַראָב. איצטער איז ער זיכער, אז ער וועט זיך ניט ארויסכאַ־פּען מיט'ן רובל, אין קאַמאַש וועט ער ניט קריכען אלע ווייל, ווי אין טאַש. ער איז פרעהליכער געוואָרען, האָט א פּאַטש גע־טהאָן זעלווינען איבער'ן פּלייצע און געזאָגט:

— ניט געזאָרגט, זעלווין; עס וועט נאָך זיין גוט אויך. די וועלט איז נאָך א וועלט.

זעלווין, וועלכער האָט שוין לאנג ניט געהערט קיין פרעה־ליך וואָרט פון זיינע חברים, איז עפּעס ווי שטאָלצער געוואָ־רען, האָט זיך אויסגעגלייכט און געהענדיג הין און צוריק אי־בער'ן צימערל, האָט ער געענטפערט:

— גלויב מיר, ברודער, אז איך זאָרג גאָר ניט. וואָס איז געלד? בלאָטע! מיר האָבען אידעאַלען!

— וואָס דען? — האָט פריעדמאַן נאָכגעגעבען — געלד איז נאַרישקייט, מיט געלד לעבט מען ניט...

— מען דאַרף געוועהנליך האָבען צום לעבען, — האָט זעל־ווין זיך קענטיג דערמאָנט אן די דירה־געלד — אבער ניט דאָס איז דער עיקר.

— דער עיקר איז דער מענש! — האָט פריעדמאַן מיט שטאָלץ צוגעגעבען. — מיר זיינען ריינע מענשען...

זעלווין האָט זיך געפיהלט אינגאַנצען בערוהיגט. אין דער אמת'ן, וואָס איז איהם אזוי שלעכט? ער געפינט זיך אין א קליין אָרעם צימערל צוזאַמען מיט א חבר, וואָס פערשטעהט איהם, וואָס פיהלט מיט, און וואָס איז עהרליך און גוטהערציג.

ער האָט זיך צוגעלעגט אויף פריעדמאַנס בעטעל און האָט

זיך פערטראכט. א זיסע מידיגקייט האט זיך צעגאסען איבער אלע זיינע גליעדער, ער האט פערגעסען די דירה־געלד, די ארי־מע בעל־הבית׳טע, זיין צעבראכען אייזען בעטעל מיט די ברודי־גע בעט־געוואנד אין ווינקעל צו דער נאסער וואנד. ער האט זיך געפיהלט ווי א מאל אינגעלווייז אין דער היים, קומענדיג ביי דער נאכט פון חדר...

— דו ווערסט אפשר עפעס א ביס טהאן? — האט איהם פריעדמאן געפרעגט.

— דו האסט דען וואס? — האט זיך זעלווין פערוואונ־דערט.

— יע, איך האב פון דערפריה א פאר זעמעל, טהעע און צוקער געפינט זיך ביי מיר שטענדיג. א מאשינקעלע האב איך אויך.

— ביזט דאך גאר א בורזשוי, — האט זעלווין געלאכט אנקוועלענדיג פון זיין גוטען חבר.

אין א האלבע שעה ארום האבען די חברים אבגעגעסען און אבגעטרונקען טהעע און האבען זיך צוגעקליעבען געהן שלאפען.

פריעדמאן, פערגעסענדיג אן גאנצען רובל, האט גענומען אראבציהען די שיך, רעדענדיג מיט זעלווינען.

פלוצלונג האט זיך דערהערט א קלונג.

— אוי, א רובל! — האט זעלווין ווי מיט שמחה אויסגע־שריגען.

פריעדמאן האט א ציטער געטהאן, און איז שיער ניט אומ־געפאלען.

בערמערקענדיג פריעדמאנ׳ס שרעק, איז זעלווין צו זיך געקומען, דערמאנט זיך אן פריעדמאנס ענטזאגונג און האט אראבגעלאזען די אויגען און זיי ניט געקענט אויפהייבען...

—ווי קומט צו מיר א רובל?... — האט פריעדמאן קוים געקענט ארויסרעדען...

— עס פערוואלגערט זיך אמאל... — האט זעלווין ווי פערשולדעגט גענטפערט.

— איך וויים גאר ניט... — האט פריעדמאן געשטאמעלט און האט דעם רובל ניט אויפגעהויבען.

אין צימערל האט א דריקענדע שטילקייט געהערשט.

— חע — חע — חע... — האט פלוצלונג זעלווין ווי היסטעריש זיך פונאנדערגעלאכט, א קוק טהוענדיג אויפ'ן חבר...

— חע—חע—חע... — האט פריעדמאן אויך געלאכט און עס האט זיך געהערט עפעס מאדנע טרעהרען אין געלעכטער, דאס געלעכטער האט ווי געבריהט זייערע פינמ'ער און עס האבען געפלאקערט זייערע באקען.

און דער רובל איז געלעגען אויף דער ערד ווי אן עדות אויף מענשליכע ק ל י י נ ק י י ט און האט איראניש געקוקט אויף די צוויי לאבענדיגע חברים און האט ווי גערעדט:

— אהא ! אלץ איבער מיר... אלץ איבער מיר !...

# אין א זומער מאנטעל.

(מאָנאָלאָג פון אַן אומבעקאַנטען)

איהר זייט ווען געגאנגען ווינטער אין א זומער־מאנטעל? ניין. גלייך נאָך סכות, און אמאָל נאָך פאר סכות האָט איהר שוין א ווינטער־מאנטעל אָנגעטהאָן? הא? אַ, איהר ציטערט דאָך פאר קעלט, קאַלטע נשמות! איבער אייך, האָבען מיין הארץ, מיין לעבען, מיין יוגענד, מיינע האָפנונגען, מיינע גליקען געפלאצט... איבער אייך! ווען איהר וואָלט אזוי פאר קעלט ניט געציטערט און וואָלט זיך גלייך אין ווארימע בגדים ניט אָנגע־פעלצט, וואָלט איך דאָך ניט קראנק געוואָרען. ווייל קראנק גע־וואָרען בין איך ניט פאר קעלט, נאָר פאר חרפה, — איך האָב זיך געשעמט!

צו אלע צרות איז נאָך מיין מאנטעל איין עכט־זומערדיגער געוועזן — אַ העלער, און אפילו מענשען אין ברילען פלעגען גלייך דערקענען, אז איך בין משנה דעם סדר פון דער וועלט, און פלעגען אויף מיר קרום קוקען און לאכען...

ווען איך וואָלט ניט געוועזן קיין פערשאָלטענער מרה־שחורה'ניק, וואָלט איך אַ פרעהליכער יונג געקענט ווערען — א קלייניגקייט — אלע לאַכען! א העלער זומער־מאנטעל אויף איין אָרימען מענשען אין א ווינטער־טאָג, מאכט אלעמען לאַ־כענדיג... און מרה־שחורה'ניקעם זאָגען נאָך, אז די וועלט טרענקט זיך אין טרעהרען און עס איז קיין עצה ניטאַ... אַ, זאָ־

לען אלע מענשען אום ווינטער אַנטהאַן זומער־מאַנטלען און העלע, דוקא העלע מאַנטלען, — וועט די גאַנצע וועלט לאַכען... איך בין דערין איבערצייגט... אז מען טראָגט ווינטער א העלען לייכטען מאַנטעל, מוז מען לאַכען; עס איז טאַקע לעכערליך...

איך בין אָבער דערפון קיין פרעהליכער יונג ניט געוואָרען, פערקעהרט, מיין מרה־שחורה האָט געשטייגט פון טאָג צו טאָג, און געהענדיג אין גאַס אין מיין זומער־מאַנטעל (פערגעסט ניט, אז ער איז העל געווען), פלעג איך טראַכטען: דאָ איז מיין סוף געקומען...

און מיינט איהר, אז איך האָב זיך ניט געטרייסט, ניט געפונען קיין קולא'ס, אז עס איז רעכט אום ווינטער צו געהן אין א זומער־מאַנטעל? פערקעהרט, מיין מח האָט נור אין דער דאָזיגער ריכטונג געאַרבייט. איך האָב ביי זיך פועל געווען, אז „אז וואהל און גוט" וואָלט דער גאַנצער וועלט געווען, ווען אלע וואָלטען אין זומער־מאַנטלען ווינטער געגאַנגען, עס וואָלט ניט געווען קיין קנאה, קיין שנאה, און מענשען וואָלטען זיך ברידערליך איינע די אַנדערע געוואָרעמט... אויך האָב איך א ראיה געגומען פון ציגיינער: זיי וואַלגערן זיך נעבעך אויף פעלדער אין אזוינע לייכטע בגדים, די קליינע קינדערלעך זייערע געהען נאַקעט און באָרוועס און פונדעסטוועגען לעבען זיי אזוי פרעהליך... ווידער פלעג איך זיך דערמאָנען אָן א וויסענשאַפטליך ביכעל, וואָס איך האָב געלייענט. דאָרטען פערזיכערט דער פערפאַסער, א פראָפעסאָר פון לייפציגער אוניווערזיטעט, אז א מענש קען זיין קערפער „פערהאַרטעווען", ער קען זיך געוועהנען צו געהן אויף אייז אין סאַמע שבט, און איהם זאָל עס ניט שאַדען... פערקעהרט, ער וועט נאָך געזינטער זיין. אזא יאָהר אויף מיר, ווי דער פראָפעסאָר איז גערעכט... נור פערהאַרטעווען דעם קערפער! דאָס איז איין סגולה פאר די מענשהייט, און איך אלס אַנהענגער פון יענעם פראָפעסאָר מאַך א וויסענשאַפטליכען „פרואוו": איך געה טאַקע אין א לייכטען זומער־מאַנטעל און

אויב א האר זאל עס מיך ארען! גאר נישט: ווי ניט מיך מיינט מען!... „פערהארטעוועט זיך!" ווילט זיך מיר אויסשרייען, בע־גענגענענדיג חיים טרענבאך דעם גביר, אין ווארעמען פוטער — „פערהארטעוועט זיך!" — נאר רעד מיט איהם, אז ער איז ווייט פון דער וויסענשאפט, אז אויסער זיינע געשעפטען ווייסט ער ניט.

און פון מיינע נחמות, ווערט אש...

וואס דארפט איהר א בעסערע נחמה?

ביי אונז אין שטעדטעל, ווען איך בין נאך א איינגעל גע־ווען, האט געוואוינט א באראן, אן אמת'ער באראן, זאל איך אזוי געזונד זיין. אלע האבען געוואוסט! אט דער באראן פלעגט געהן שטענדיג אין א זומער־מאנטעל... וואס וועט איהר זאגען, אז א באראן איז אויך אן ארימאן... דאס קען דאך ניט זיין! אהא! א באראן! א באראן, איז דאך אזוי גרויס, היינטיגע צייי־טען גיט מען שוין גאר אזעלכע טיטלען ניט. אוים!.. היינט, ווער דארף דאס וויסען, ווער איך בין? אפשר בין איך אויך א באראן און איך האב אין דער היים טויזענד פוטערס, נאר פון גוט וואהלקייט ווערען בין איך קאפריזנע און וויל געהן דער נאטור אויף צו להכעיס — דוקא אין א העלען זומער־מאנטעל... טא, וואס־זשע לאכט איהר? פראים!...

נאר עס העלפט ניט, אלע קאנען מיך, אלע ווייסען, אז איך בין אן ארימאן, אז איך האב ניט געקענט מאכען אויף ווינטער קיין מאנטעל, און אלעמען דאכט זיך, אז איך פריהר... נאר איך שווער אייך בנאמנות, אז איך האב פאר קעלט א האר קיין מורא ניט; פערקעהרט, איך האב ליעב די קעלט, עפעס פיהל איך מיר, אז דער פראסט נעהמט מיך ארום און גלעט מיך און קושט מיך און איז מיך מחיה... נאר געה טענה מיט פראים, וואס פער־שטעהען גאר נישט. די באבע יאחנע האט זיי געזאגט, אז ווינ־טער איז קאלט און מען מוז טראגען א ווארים בגד, גלויבען זיי און היטען עס. געהן ווייטער פון דער באבע יאחנען קענען זיי ניט. אוי, מאוסע רעאקציאנערען, וואס קענט איהר ניט פאר־ווערטס געהן, וואס פערגעסט איהר אין וואס פאר א צייט מיר

לעבען; וואָס פערגעסט איהר, אז היינטיגע צייט איז קיין ברויט ניטאָ, און אייך ווילט זיך נאָך ווארימע בגדים?... מיט דער צייט לעבט!...

אט האָט מיך אַבגעשטעלט מיינער א בעקאנטער, וואָס איז אָנגעטהאָן אין א ווארימען בגד. ער רעדט מיט מיר, דאכט זיך, פון הויכע ענינים און די אויגען נעהמט ער ניט אראָב פון מיין העלען מאַנטעל... דאָס בלוט געהט מיר אין קאָפּ און עס איז מיר הייס... היים, און דער פּרא־אדם מיינט, אז עס איז מיר קאלט און ניט מיך א פרעג:

— דו האָסט נאָך גאָר קיין ווינטער־בגד ניט?

— ניין! — ענטפער איך און מיר ווערט נאָך מעהר הייס.

— קאלט, הא? — פרעגט ער.

— א האָר אויך ניט...

ער קוקט אויף מיר און לאכט, דאכט זיך. איך קען מעהר מיט איהם ניט שטעהן, איך האָב איהם פיינט, ווי א שפּין. א מענש, וואָס קען אפילו ניט פערשטעהן, אז ווינטער קען מען געהן אין א זומער־מאַנטעל. איך געה גיך, גיך און ווארף מיט די אויגען, טאָמער וועט גאָט מיר צושיקען א מענשען, וואָס איז אָן אנהעננגער פון מיין אידעע, וואָס געהט אויך אין א העלען זומער־מאַנטעל — חאָטש א באַראָן... נישקשה, איך וואָלט מיט איהם שוין בעקענט וֿוערען... באַראָנען זיינען איידעלע לייט. אונזער באַראָן, האָט מען דערצעהלט, איז געוועזן זעהר אן איידעלער מענש, ער פלעגט אפילו מיט א פּראָסטען אידען זיך אָבשטעלען רעדען....

איך בעגעגען אָבער קיינעם ניט... אלע האָבען זיך דער־שראָקען פאר'ן ווינטער און האָבען זיך אָנגעפּעלצט ווי די חיות אין וואלד... אמת'ע חיות... נאָר איך איינער, א מענש, איך געה נאָך זומערדיג און מען קוקט אויף מיר, ווי אויף א ווילדען...

דאַרף מען האָבען מעהר אָרימאָן, ווי אָט דער טרעגער, איך קען דאָך איהם, ער געהט אויך אין א ווארימען בגד. אמת, די

וואָסע זעהט זיך אַרויס, אָבער פּאַרט איז זיין בגד אַ ווינטערדי־גער. קיינער וועט ניט האָבען די העזה פון איהם חלילה צו לאַ־כען, ער טהוט, ווי אַלע גוטע פרומע ליים טהוען: ווינטער געהט ער אין אַ וואַרימען בגד. אַ טרעגער — אָבער מעשה־מענש! די וועלט האָט צו איהם קיין טענות ניט...

און וואָס האָבען זיי צו מיר? וואָס קוקען זיי אויף מיר? זיי האָבען דען רחמנות? אז איך דאַרף ניט זייער רחמנות. אז מיר איז בעסער פאַר זיי. איך לאַף פון זייערע בגדים! איך טראַג פייער אין האַרץ, מיר איז וואַרעם... איך וועל זיי שווערען מיט מיין עולם־הבא, אז מיר איז וואַרעם... אז מיר אַרט גאַר ניט די קעלט... מיר אַרט גאַר די חרפה... עס איז עפּעס ניט שעהן!... פאַר וואָס ניט שעהן? ווייס איך אַליין ניט! איך בין טאַקע אַ נאַר! אַ קלוגער, דערהויפּט אַ שטאַרקער, וואָלט אויף די אַלע קליינע מענשעלעך מיט די קליינע קעפּעלעך אַ שפּיי געטהאָן און אויסשרייען: איך שטעה העכער פאַר אייך, איך בין העכער פאַר קעלט, אָדער ווי אַ ניי־מאָדנער פילאָזאָף זאָגט: אויף יענער זייט פון קאַלט און וואַרים... גאַר יענער פילאָזאָף איז, דאַכט זיך, משוגע געוואָרען... אַ שאַד, וואָס קלוגע מענשען ווערען משוגע און נאַרען בלייבען ביי זייער שכל און מאַהנען: אַ ווינ־טער־בגד! איהם וואָלט שוין ניט געאַרט, וואָס איך געה אין אַ זומער מאַנטעל; ער וואָלט מיר געווים געגלויבט:

„מאַלאַריעץ! — וואָלט ער מיר אַ קלאַפּ געטהאָן אין פּלייצע — דו ביזט אַן איבער־מענש"...

* * *

שאַ!... אָט געהט איינער אין אַ זומער־מאַנטעל, ווי איך בין אַ איד, אין אַ לייכטען העלען זומער־מאַנטעל, פּונקט ווי מיינער. אוי, אַ געזונט אין איהם. ווער איז ער? איך וועל איהם געהן קושען... ער האָט דאָך מיר געראַטעוועט... ווער קען ער זיין! אפשר אַ באַראָן! אָט געה איך צו אַ קוק טהאָן... ס'אַנאַר ער איז! וואָס

נעהם ער פונאנדערנעשפילעט! עס איז דאך קאלט... ניין! איך האב א טעות! קאלט איז נים — עס איז היים... זעהר היים... נאר גלאט עס איז נים שעהן! צו פיעל זומערדיג — פר־נאנדערנעשפילעוועט!... אט, נעה איך איהם זאגען, ער זאל זיך, ווי איך, פערשפילען... זאלען לייט נים קוקען און לאכען. עפעס פון איהם לאכט מען נאך מעהר ווי פון מיר... הא? וואס איז דאס? אי איך וויים שוין! דאס איז דאך לייבקע שכור... פע, מאוס, מאוס... איך בין דאך אבער קיין שכור נים! איך וועל מיך נאך אויפנעהען א בגד... אויף נאמנות! גלויבט מיר! ווארט נאך א חודש, זאל נאר דער קריזים פלאצען! הייגט איז זעהר ענג — איך האב נישט! די צייט וועט זיך אבער פער־בעסערן... זי מוז זיך פערבעסערן, איך וועל מאכען א טהייערען פוטער, ווי איהר האט ליעב... לאזט מיר צורוה! מיר איז נים קאלט... מיר איז היים!...

אך, ווי היים!...

# די קאלטע האנד.

אין דער הויף איז געווען דאָס צימעריל, וואו עלענדמאַן האָט געוואָהנט, אין דער הויף, אויפ'ן פינפטען שטאָק. דאָס צימעריל איז געווען א פינסטערס. נאָר דאָס האָט ניט אזוי שטאַרק עלענדמאַנען געאַרט. איהם האָט זיך געדאַכט, אז דאָס צימעריל איז עקסטרא פאר איהם געמאַכט געוואָרען, כדי ער זאָל זיך דאָ קענען בעהאַלטען פון דער גרויסער וועלט... שלעכט האָט נאָר געווירקט אויף איהם די נאַסע וואַנד פון צימעריל, און שטענדיג, אפילו זומער איז דאָרט קאַלט געווען און ער האָט געהאט ניט זעלטען א וואונש: איינהייצען דאָס אייוועלע, זיך זעצען ביים פייער און זיך דערמאַנען אָן עפּעס, וואָס איהם איז ליעב און טייער. עפּעס זעהר אַן אַלטען, נאָר ליעבען פער־לאַנג האָט ער תמיד געהאַט, נאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, ווי דער פערלאַנג הייסט און אין וואָס ער בעשטעהט.

אַלט איז ער געווען 25 יאָהר. ער האָט געהאַט א קאָפּ מיט שווארצע האָר, די אויגען שווארץ און גרויס און זיי האָבען שטענדיג געקוקט מיט א בענגשאַפט, מיט צער און וועהטאָג... דאָס פּנים איז געווען לאַנגליך און דער אויסדרוק האָט דער־צעהלט פון א קאַלטען עלענדען לעבען...

ער האָט אין דער גרויסער וועלט קיינעם ניט געהאַט, אויס־סער א פעטער ערגעץ טיעף אין רוסלאַנד. דער פעטער פלעגט

זיך איהם שטענדיג חלום'ן, און אז ער פלעגט געהן אין גאס און בעגעגענען די בריעפטרעגער מיט די גרויסע פארטפעלען אנגע־פאקט מיט בריעף, פלעגט איהם שטארקער קלאפען דאס הארץ, און איהם פלעגט זיך דאכטען, אז היינט־מארגען וועט א בריעפ־טרעגער איהם אבשטעלען און וועט איהם אבגעבען פון פעטער א בריעף...

נאר זיין פאנטאזיע פלעגט איהם אבנארען. עס זיינען אוועק פיעל „היינט'ס" און „מארגען'ס", די פארטפעלען ביי די בריעפטרעגער זיינען אלע טאג גרעסער געווארען, נאר פאר עלענדמאנען איז דארט קיין בריעף קיינמאל ניט געלעגען...

---

די רוישענדע גאס האט איהם זיין עלענד דערמאנט, די הונדערטע שפאצירענדע האבען איהם דערצעהלט, אז ער האט קיינעם ניט. דאס לאכען, דאס געדויש האבען איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז אין זיין וועלט איז שטיל ווי אין א קבר... דאך פלעגט ער אפט געהן אין גאס, געהן און אריינקוקען מיט גע'גנב'טע בליקען אין יעדען פנים, אפשר וועט איהר ווער אבשטעלען און זאגען: דאכט זיך א בעקאנטער, און וועט איהם אויסשטרעקען א האנד, א ווארעמע מענשליכע האנד. ער וואלט זי אזוי געדריקט!...

און אפט פלעגט זיך טרעפען, אז געהענדיג צווישען דער געדיכטער מאסע, צווישען פרעהליכע אויסגעפוצטע הערען און דאמען, פלעגט זיך זיין האנד אנריהרען אן א פרוי'ס א ווארע־מע האנד. די ווארימקייט פלעגט זיך צוגיסען איבער זיין גאנ־צען קערפער און א גאנצע נאכט איז ער גליקליך געווען. ער פלעגט ליעגען אין דער פינסטער און די ווארימקייט פון דער האנד איז איהם פערבליעבען אין געדאנק און ער האט א גאנ־צע נאכט עס געפיהלט און געהאפט אויף טאג.

און אויף מארגען פלעגט ער בענקען נאך א ווארימער האנד. ער פלעגט אריינגעהן אין א געוועלב, וואו א מיידעל

זעצט, פלעגט קויפען ביי איהר עפעס א קלייניגקייט און פלעגט זיך בעמיהען, אז צונעהמענדיג פון איהר די סחורה זאל זיך זיין בימעהען, אז צונעהמענדיג פון איהר די סחורה זאל זיך זיין האנד אנריהרען אן איהרער... נאר איהם פלעגט זיך עס זעלטען איינגעבען. דאס רוב פלעגט דאס מיידעל „די סחורה" אוועק־לעגען אויפ'ן סטויקע, און ער פלעגט ארויסנעהן פון געוועלב מיט מעהר עלענד, ווי ער איז אריין...

---

אמאל פלעגט ער ביי־נאכט אין גארטען געהן. פארביי איהם פלעגען זיך ציהען פרעהליכע פארליך. ווער עס פלעגט פרעהליך און אויפ'ן קול לאכען, אנדערע פלעגען זיך אזוי שושקען, און דאס פלעגט נאך מעהר זיין עלענד פערגרעסערן. אלע האבען צו זיך חברים, חבר'טארינס, נאר ער האט קיינעם קיינעם נים.

איינמאל אין אנהויב פריהלינג איז עלענדמאן ארויס פון זיין ענגען צימעריל. עס איז געווען פארנאכט, אין גאס האט גערוישט, מענשען זיינען פארבייגעגאנגען מיט יום־טוב'דיגע, פרעהליכע געזיכטער און עס האט אויסגעזעהן ווי זיי גרייטען זיך אויף עפעס א פרעהליכען באל, וואו אלע, אלע צוזאמען וועלען זיך פערוויילען און לעבען, נאר עלענדמאנען לאזט מען איבער אליין, איהם וויל מען ניט נעהמען. און ער האט זיך געלאזען גיכער געהן, ווי א בעליידיגטער, ווי א פערלא־זענער...

ניט בעמערקטערהייט איז ער צוגעקומען צום קליין פאלקס־גערטענדיל. דארט האט אויך יום־טוב'דיג אויסגעזעהן, נאר עפעס ניט אזוי שרייענדיג, ווי אין גאס. עס איז דורכגעגאנגען צווישען די אלעען אן עלענדער סאלדאטיל, אן ארימער טרע־גער, א דיענסט מיט א קינד.

עלענדמאן האט געזוכט א באנק צו זעצען זיך. אלע בענק זיינען פערנומען געווען, נאר אין דער לעצטער אלעע איז אויף

א ברענ באנק געזעסען א מיידעל איבערגעדעקט א האלב פנים מיט א פאטשיילע.

עלענדמאנען האט א ציה געטהאן, שטארק א קלאפ גע־טהאן אין הארצען און ער האט זיך געבען איהר אװעקגע־זעצט...

א װײלע איז ער געזעסען און ניט אויפגעהויבען די אױ־גען, אין הארצען, האט זיך איהם געדאכט, זיצט עמיצער און זינגט איהם אן אלט־זים ליעדעל. און עס װערט איהם עפּעס אנגענעהם און עס ציהט איהם און עס װילט זיך איהם רעדען...

ער קעהרט אב דעם קאפּ צו דער זייט, װאו דאס מיידעל זיצט און נימט א קוק.

זיינע בליקען בעגעגענען זיך מיט איהרע. צװיי שװארצע אויגען מיט א טרויריגען גלאנץ. זיי רעדען, דאכט זיך, אהן װערטער.

„זי איז אן עלענדע! טראכט ער, „איך װעל מיט איהר אנהויבען צו רעדען".

— איהר זענט... — הויבט ער אן, — און עס פערפעהלט איהם מוטה.

ניין, רעדען װעט ער ניט, ער װעט נאר קוקען אויף איהר. זי איז אן עלענדע...

און פּלוצלונג בעהערשט איהם א חשק אנצונעהמען זי פאר די האנד און א דריק טהאן.

דאס הארץ קלאפּט איהם. ער קוקט אויף איהר און יעדער קוק איהרער דערצעהלט איהם עפּעס.

— װאס זענט איהר אזוי אומעטיג? — רייסט זיך ארויס א פראגע פון זיין מויל, און איהם דאכט זיך, אז ער האט די װעלט איינגענומען...

— איך בין נאר ניט אומעטיג! — דערהערט ער א שטי־לען ענטפער.

— וואס זיצט איהר אזוי שטיל? — פרעגט ער ווידער און נעהמט ניט אראב די אויגען פון איהר.

— וואס זאל איך שרייען? — שמייכעלט זי ביטער.

ער בלייבט שטום און קוקט אויף איהר, און אין קאפ ענבערט דער געדאנק: נעהם זי אן פאר די האנד, נעהם!

און עס ציהט איהם א געוואלדיגע קראמפט.

— איהר זענט א היגע? — פרעגט ער.

—ניין! — הערט ער אן ענטפער.

— איך בין אויך אין דער פרעמד דא, — לאזט ער ארויס מיט א זיפץ.

ער וויל נאך עפעס רעדען, נאר ער קען ניט. דער פער־לאנג אננעהמען זי פאר די האנד לאזט איהם ניט רעדען.

— שענק מיר אויף א ווייל דיין האנד, לאז מיר א ווייל־ע האלטען זי, איך בעט דיך...

ער זאגט דאס אבער ניט, דאס איז פאר איהם צו שווער און ער בעגנוגענט זיך נאר מיט'ן קוקען אליין.

און דאס הארץ זיינס ציהט און ציהט און זיין האנד שלעפט דאכט זיך עמיצער...

און אט ניט זי אויף איהם א קוק. ער דערפיהלט עפעס נאהענטעס, עלענדעס, בעטענדעס און זיין האנד ריהרט ענדליך אן איהרע.

זי שווייגט און לאזט אראב די אויגען.

און א ווארימער שטראם לויפט איהם דורך איבער'ן האר־צען. ער דריקט וואס א ווייל־ע איהר האנד פעסטער און פעס־טער.

— עס טהוט אייך ניט וועה? — פרעגט ער.

— ניין! שמייכעלט זי.

און ער לאזט די האנד ניט ארויס, ער האלט זי פעסט.

איהר האנד איז אבער קאלט...

עס פערדריסט איהם. ער וואלט וועלען האבען שוין דאס

נאנצע גליק — דריקען א ווארעמע האַנד. קאַלט איז איהם...

— פאר וואָס איז ביי אייך אַזאַ קאַלטע האַנד ? — פרעגט ער און האָט באַלד חרטה.

זי ענטפערט ניט און וויל ארויסנעהמען איהר האַנד...

— ווער זענט איהר ? — פרעגט ער און דריקט איהר האַנד און לאָזט זי ניט אָפּ.

— איהר ווילט זיין מיט מיר בעקענט ? הא, איהר ווילט ?

ער קוקט אויף איהר, דריקט די האַנד איהרע און אין קאָפּ רוהט ניט דער געדאַנק : פאַר וואָס איז איהר האַנד אַזאַ קאַלטע ?... דאָך רעדט ער ווייטער צו איהר :

— איך וועל קומען צו אייך, איהר צו מיר. איך וועל מיט אייך שעהנע ביכלעך לעזען... איהר ווילט ?

„פאַר וואָס איז ביי איהר אַזאַ קאַלטע האַנד ?"... — זי שווייגט.

— נו, איהר ווילט ? — פרעגט ער ווייטער.

— איך דאַרף האָבען געלד דערפאַר... — זאָגט זי ארויס, ווי צווישען די צייהן... — פאַר געלד וועל איך צו אייך קומען... זאָגט זי שוין דרייסטער...

ער לאָזט פלינק ארויס איהר האַנד, גיט אויף איהר א קוק און ווערט ענטשווינגען...

א שטומער זיצט ער נאָך א ווייַלע, הויבט זיך נאָכדעם אויף און לאָזט זיך געהן, ניט וויסענדיג וואוהין.

— א קאַלטע האַנד ! — רעדט ער אַלע ווייַלע ארויס פאַר זיך און עס נעהמט איהם דורך א קעלט...

# פער'משכּנ'ט זיך אליין.

עס איז געוועז אָנהייב פריהלינג. א פריהמארגען פון יע־נע פריהלינגס פריהמאָרגענס, וואָס זאָגען צו גילדענע בערג, און דער מענש לאָזט זיך פערפיהרען און לויפט אין גאָס א דער־פרישטער, אָן אָנגעפאקטער מיט האָפענונגען אויף א גוטען פרעהליכען טאָג, אויף גרויסע גליקען...

און וועלוויל קלינגער, א אידישער לעהרער, א 25־יעהרי־גער הויכער ברונעט, האָט שוין אראָבגעוואָרפען דעם צוריסע־נעם וואַטאָווען ווינטערמאַנטעל, וועלכען ער האָט מיט דריי יאָהר צוריק אָנקומענדיג אין וואַרשוי פאר דריי רובל געקויפט, האָט גוט אויסגערייניגט די קאמאשען, מיט די צוויי לאַטעס, אזש זיי האָבען פרעהליך געגלאַנצט, איינגענעהט מיט דער איינענער האַנד צוויי קנעפּלעך אין אלטען רעקיל, גוט פער־קאמט די לאַנגע האָר, וואָס ער האָלט שוין אויפ'ן קאָפּ ביי א יאָהר, און איז ארויס פון זיין צימערל, וואו ער האָט געוואָהנט מיט נאָך צוויי חברים, לעהרער אהן שעה'ן, — אויף דער ליכטיגער וועלט....

— א שעהנער טאָג! — האָט ער אין געדאַנק געזאָגט — און האָט אָנגעהויבען געהן גיכער און שטאָלצער, פּונקט ווי ער וואָלט געקאָנט ערגיץ טראָגען פערקויפען די שטראַהלען, וואָס

האבען זיך געגאסען אויף איהם, און נעהמען הערפאר כאטש עטליכע מטבעות אויף פריהשטיק...

און א פריהשטיק וואלט איהם זעהר נויטיג געווען — עס איז שוין געווען צוועלף א זייגער. ווען מען גאט העלפט, עסט מען שוין א צווייטען מאל...

קלינגער איז אבער אזוי צופריעדען געווען מיט דער ליעבער ווארימקייט, מיט דער העלער ליכטיגקייט, מיט וועלכער די גאנצע גאס איז געווען פערגאסען, אז ער האט פערגעסען, אדער בעסער נעזאגט, זיך בעמיהט ארויסצושלאגען פון קאפ דאס מאוסע עסען...

— ליכט! ליכט! — האט ער גערעדט הויך — ליכט! ליכט!

און ער האט זיך דערמאהנט, אז ער האט ניט לאנג געלייענט, אז געטהע איז געשטארבען מיט די ווערטער: „וואס מעהר ליכט!" און ער איז שטאלץ געווארען, וואס ער און געטהע האבען איין פערלאנג...

אמת, אזא פאעט, ווי געטהע איז ער ניט געווען, אבער ליעדער האט ער אויך געשריבען, און ווען די רעדאקטארען וואלטען ניט געווען אזעלכע שלעכטע, וואלט ער שוין לאנג בעוואוסט געווארען ביי אלע אידען, ווייל צייט האט ער א גאנץ ווינטער געהאט און האט זעהר פיעל געשריבען... מען האט אבער ניט נעדרוקט!

פערטיעפענדיג זיך אין אזעלכע רעיונות, האט ער אן פריהשטיק ווירקליך פערגעסען. אין קאפ האט זיך ביי איהם אנגעהויבען וועבען א גאנצעס ליעד וועגען פריהלינג, ער האט שוין געהאט א סך פארטיגע גראמען, ווי: געזיכט—ליכט, היינט—שיינט. פארביינגעהענדיג אבער נעבען דעם בעקאנטען קאפעהויז, וואו ער און זיינע איבעריגע בעקאנטע לעהרער, פאעטען, קריטיקער און סתם לעזער, געפינען זיך, ווען עס איז נאך דא א גראשען אין קעשענע — האבען די גראמען מיט דער

גאַנצער פּאַעטישער שטימונג זיינער, ווי אַרויסגע׳גנב׳עט זיך פון קאָפּ, און אַנשטאָט זיי האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פרישער געדאַנק, וואָס האָט איהם אַ זאָג געטהאָן, ווי אין דער וועלט אַריין:

— דאָ קענסטו אויסטרינקען אַ גלאָז טהיי און אויפּעסען אַ פּאָר זעמעל — עס וואָלט ניט געשאַדט.

דאָס וואָלט טאַקע אַ יושר געוועזן! — האָט קלינגער זיך געלאָזט איינרעדען, און ער האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט זיך פערטראַכט.

און טראַכטען האָט ער געהאַט וועגען וואָס: ווי אַזוי געהט מען אַריין, עס איז ניטאָ אַ גראָשען אין קעשענע, און ווי אַזוי געהט מען ניט אַריין, אַז עס ווילט זיך שוין גוט עסען?...

און ער דערמאָנט זיך, אַז אָפּטמאָל געפינט מען דאָ אַ בעקאַנטען, וואָס קען אויסלייהען עטליכע קאָפּיקעס, אָהן אַ וועקסעל און אָהן אַ שום שטר־חוב, נאָר פּשוט אַ גמילות־חסד, וואָס דאָס איז עהנליך אַביסעלע צו אַ נדבה...

און דערמאָנענדיג זיך אַזאַ מאוס וואָרט, געהט ער אַוועק עטליכע טריט ווייטער פון קאָפע־הויז און וויל זיך איינשמו־עסען, אַז אין אַזאַ שעהנעם טאָג דאַרף מען זיך שטעלען העכער פון עסען און טרינקען, מען דאַרף ניט זיין קיין חיה.

— „אַ גלאָז טהיי מיט אַ פּאָר זעמעל" — לויפט איהם נאָכדעם דורך אין קאָפּ, און ער לאָזט זיך געהן צוריק, הערט אויף צו טראַכטען און געהט אַריין אין קאָפע־הויז.

דאָס קאָפע־הויז בעשטעהט פון צוויי קליינע צימערן. אַרום קליינע מאַרמאָרנע טישעלעך זיצען געסט פון פערשיעדענעם עלטער, קלאַס און רייכקייט. אַ טייל זיצען און לעזען צייטונ־גען, אַנדערע טרינקען און עסען.

קלינגער זעצט זיך אַוועק אויף אַ לייִדיגען אָרט, וואַרפט די בליקען אויף אַלע געסט און זוכט אַ בעקאַנטען. אַלע פּנים׳ער

זיינען איהם אָבער פרעמד און קוקען אַזוי בעז און ענגאַאיס־טיש — קאַלט.

„עפּעס מאוסע מענשען!“ — פאַלט קלינגערן איין, און ער קוקט מיט עקעל אויף איינעם, וואָס עסט מיט גרויס אַפּעטיט, אריינלאָזענדיג זיינע צוויי גרויע אויגען אין דעם גלאָז מילך, פון וועלכען ער האָט געטרונקען, נאָך יעדען ביסען בולקע.

— ווי אַ מענש האָט זיך דאָס אַזוי פּערטיעפּט אין דער אכילה! — ווערט קלינגער שוין אויפגערעגט און וויל זיך אויפהויבען און אַוועקגעהן. נאָר ער שעמט זיך שוין ארויסגעהן אַזוי. די ווירטהין וואָס זיצט ביי דער קאַסע, ווייס ער, וועט איהם ביים טהיר אָבשטעלען און פרעגען:

— איהר האָט גאָר גישט גענומען?...

ער זיצט און קוקט אויף די ווירטהין. זי זעצט נעבען דער קאַסע און וואַרפט אויגען אויף די געסט, און קלינגער דערמאָנט זיך, אז זיין מאַמע, ווען ער איז נאָך אין דער היים געווען, פלעגט אַזוי אכטונג געבען אויף די מוזשיקעס, בעת זיי פלעגען זיך אמאָל צונויפקומען צו זיי אין שטיבעלע אין אַ מארק טאָג אַנוואַרעמען.

— עס איז גנב און גזלן, — בעשליעסט ער מיט כעס — יעדער ציטערט פאר זיין פעל, מען האָט אַלץ מורא, מען זאָל ניט בע’גנב’ענען, מען היט איינער דעם אנדערן — גנבים!... שרייט ער אויס אין געדאַנק, און זיין בלאַס פּנים פערקרימט זיך.

— איהר ווילט עפּעס? — שלאָגט איהם איבער די געדאַנקען דאָס מיידעל פון קאַפע־הויז, אַוועקשטעלענדיג זיך קעגען איהם אין איהר ווייסען פאַרטוך, מיט ליידיגע גלעזער אין האַנד.

קלינגער’ן בעפאַלט אַ פּחד און צוטומעלטערהייט ענטפערט ער.

— א גלאז מילך.

— מיט בולקעלעך? — פרעגט דאס מיידעל ווייטער.

— מיט בולקעלעך... — שטאמעלט ער ארויס און דאס הארץ פאלט איהם שיער ניט ארויס פון שרעק...

„וואס טהוט מען איצטער? מיט וואס וועל איך בעצאה־לען?" פיקט איהם אין מוח, און עס ווערט איהם הייס און קאלט, די אויגען קוקען ווילד אויף אלעמען, ווי ער וואלט נאר וואס א מענשען גע'הרג'עט, און האט מורא מען זאל איהם ניט דערקענען...

דאס מיידעל האט איהם גלייך צוגעטראגען א גלאז מילך מיט עטליכע בולקעלעך אויף א טעלער און איז אוועק צו אן אנדער טישעל.

— מילא, וואס ווערט דערפון — בערוהיגט ער זיך — מען דארף עסען, עס וועט אפשר באלד אריין א בעקאנטער. דאס שווארץ יאהר וועט זיי דאך ניט נעהמען.

ער הויבט אן עסען און קוקט צום טהיר, וועלכע עפענט זיך אלע ווייל, און עס ווייזען זיך אלערליי מינים פארשוי־נען — נאר אלץ ווילד פרעמדע געזיכטער.

דאס הארץ שרעקט איהם אלץ מעהר און מעהר. ער איז דא זעהר מאוס ארייגעפאלען — ווי אזוי וועט ער איצטער ארויסגעהן? און יעדער ביסען שטעלט זיך איהם אין האלז און ווערגט איהם...

נאכ'ן עסען בעפאלט איהם נאך א גרעסערע שרעק. די טהיר עפענט זיך און פערמאכט זיך, און אויף צו להכעיס קומט קיינער ניט אריין פון בעקאנטע, ווי זיי וואלטען אלע אויס־געשטארבען, עס הויבען איהם שוין אן וועה צו טהאן די אוי־גען, קוקענדיג צום טהיר, און ער בעשליסט אויפהערען חאטש עטליכע מינוט צו קוקען — ממה נפשך, וועט ווער אריין, וועט ער דאך צוגעהן צו איהם. אז ער דערהערט אבער דאס גע־רויש פון טהיר, קען ער זיך ניט איינהאלטען און קוקט, און

זיין גערולד פּלאַצט — קיינער קומט ניט. די אַלע וואָס געהען אַריין זיינען איהם אַזוי פיינדליך; אַזוי עקעלהאַפט!... ווי רו־היג זיי בעווענען זיך, ווי רוהיג זיי זעצען זיך אַוועק ביים טי־של, ווי רוהיג זיי בעצאָהלען נאָכדעם ביי דער קאַסע!... צו־פריערענע, מאוסע מענשען!...

פאַר לאַנגווייליגע נעהמט ער אַ בלאַט צו לעזען. ער הויבט אָן פון די טעלעגראַמעס און לעזט איבער, אַז פון סאַלאָניקי מעלדעט מען, דאָס די דריי בולגאַרען, וואָס האָבען געשיקט צום עסטרייכישען קאָנסול אַ פּאַסקוויל, אַז זיי ווילען איהם הרג'ענען, האָט מען אַרעסטירט...

— אָט וועלען זיי איצטער האָבען, — טראַכט זיך איהם, און איהם שטעלט זיך פאַר דריי בולגאַרען הויכע און שוואַרצע מיט לאַנגע בלאַנקע מעסער אין די הענד...

באַלד אָבער הויבען פאַר איהם אָן די אותיות צו שפּרינגען. דער קאָפּ דרעהט זיך, אין ברוסט קאָכט עפּעס אַ זעהר אונאַנגע־נעהמעס פייער, און עס ציהט אַזוי אויפ'ן גאָס...

איהם שטעלט זיך פאַר איצט די גאַס אין אַ הערליכען אויסזעהן. די זון שיינט אַזוי אַנגענעהם, מענשען געהען און פאָהרען, איצט וואָלט גוט געווען צו שפּאַצירען. — זאָט איז ער דאָך!

און ער פיהלט זיך, ווי ער וואָלט זיך אַליין אַרעסטי־רען. וועך ווייס ווי לאַנג עס וועט איהם אויסקומען צו זיצען אין דעם אָסטראָג!

אַ שוויים בעניסט איהם, די אויגען שפּרינגען איהם שיער ניט אַרויס. ער קוקט מיט אַנגעשראָקענע בליקען אויף דער ווירטהין, וועלכע זיצט ביי דער קאַסע און היט די געסט.

— אַ רוח אין איהר, ווי זי היט דאָס! — ווערט ער אויפגעבראַכט און קען פון איהר די אויגען ניט אַבּרייסען.

און אָט בעגעגענט ער איהרע בליקען. איהם דאַכט זיך, אַז זי ווייס, אַז ער האָט ניט מיט וואָס צו בעצאָהלען, און מיט

שרעק ווענדעט ער די אויגען ווידער צום טהיר.

שוין דריי דער זייגער! קיינער פון די בעקאנטע איז ניטא.

קלינגער קוקט אין פענסטער אריין צום הויף, צו דער טהיר איז איהם שוין נמאס געווארען קוקענדיג. די זון שיינט נאך אזוי טריי און ווארים און רוהיג, פונקט ווי מיט איהם וואלט גאר ניט געשעהן... דער כעס, וואס האט איהם געברענט, איז אריבער אין א טרויער, ער דערמאנט זיך, אז אויף דעם ליכטי־גען טאג האט ער אזוי לאנג געווארט, — עס איז ביז איצט אזוי קאלט און טרויריג און הונגעריג געווען!...

און אז ער האט זיך אויף איהם שוין דערווארט, דארף ער זיצען פערשפארט, פער'משכנ'ט פאר עטליכע קאפיקעס אין אן ענגען, דושנעם קאפע־הויז און ווארטען, ביז וואנען א גוטער ארימער ברודער וועט קומען איהם אויסלייזען...

אין די אויגען שטעלען זיך איהם טרעהרען און ער קלערט:

— דאס לעבען איז אזוי קורץ, שעהנע טעג זיינען אזוי ווענינ, און דאס ביסעלע, וואס עס איז דא, רויבט מען אוועק... פאר וואס? פאר וואס?...

און איהם פאלט איין צו צוגעהן צו דער ווירטהין צו דער קאסע און זאגען איהר:

— האט קיין פאראיבעל ניט, איך האב זיך פערגעסען, אז איך האב קיין קליינ־געלד ניט און בין אזוי ארויסגעגאנגען, איך וועל אייך שפעטער בעצאהלען...

דאכט זיך, א גלייכע זאך, און ער וועט בעפרייט ווערען און וועט זיך לאזען ווידער אין דער פרייער גאס, וואו עס איז אזוי ליכטיג און גוט...

ער גיט אבער א קוק אויף די ווירטהין און קען זיך פון ארט ניט אויפהויבען...

— ניין! איך וועל נאך ווארטען! — בעשליסט ער — מילא, מארגען וועט דאך אויך זיין א שעהנער טאג!

ער דערמאנט זיך אבער, אז עס איז מאוס אזוי לאנג צו

זיצען, די קעלנערין קוקט שוין, דאכט זיך, אויף איהם מיט חשד. אז זי געהט פארביי זיין טישעל דאכט זיך איהם, אז אט־אט זאגט זי ארויס:

— וואס זיצט איהר דא אזוי לאנג, עס איז אזוי אויך ענג — בעצאהלט און געהט אייך...

ער האט שוין אמאל אזא סצענע בייגעוואוינט. אמת, דאס האט געטראפען מיט אן אלטען ארימען אידען, וואס איז דא א ווינטער־טאג אבגעזעסען. איהם, קליינגער'ן, וועט מען ניט טשעפען, זיי זעהען דאך, אז ער איז ניט אבי ווער... מאוס איז דאס אבער... און ער בייט איבער דאס ארט: ער געהט איבער אין צווייטען צימער. אין צווייטען צימער קען ער אבער לאנג ניט איינזיצען, די טהיר זעהט זיך ניט, און ער האט מורא טאמער וועט עמיצער אריין, וועט אויסטרינקען א גלאז טהיי און וועט אוועקגעהן און ער וועט דא בלייבען ניט קיין אויסגעלייזטער...

ער געהט איבער צוריק אין ערשטען צימער און בעשליעסט פעסט צו ווארטען רוהיג, ביז ווער פון די בעקאנטע וועט אריין; און כדי די צייט זאל גיכער איבערגעהן, וועט ער אנהויבען א בלאט לעזען פון אנהויב ביז'ן סוף.

און ער הויבט אן וויעדער צו לעזען. ער לעזט עטליכע מאל א שורה, ווייל עפעס בענעהמען, נאר די ווערטער געהען אריין אין קאפ און נגבה'ענען זיך גלייך ארויס, ווי זיי וואלטען דארטען ענג געווען, ווי איהם אין דעם קאפע־הויז...

ער הערט אויף צו לעזען און דערשפירט הונגער.

מיט דעם נייעם געפיהל פון הונגער דערפרעהט ער זיך. ער מאכט א רעכנונג. אז שוין פער'משכנ'ט זיך, זאל זיין כאטש אין א גרעסערע סומע..

און אז דאס מיידעל געהט צו צום טישעל וואו ער זיצט, ווענדעט ער זיך צו איהר מיט אן אמת'ען שטאלץ:

— דערלאנגט, פריילין, א גלאז טהעע מיט א פאר פוטער־ברויט...

און קלינגער ווערט דערשראָקען פאַר זיינע אייגענע ווער־טער. ער געפינט אז ער האָט דאָ ווידער געמאַכט א פעה־לער, טאָמער וועט קומען אפילו א בעקאַנטער, וועט ער דען וועלען איהם אויסלייזען אויב די סומע וועט זיין צו גרויס.

און אז ער עסט אָב, ווערט ער נאָך מעהר געפאַלען און קוקט מיט מעהר שרעק צום טהיר.

עס ווייזט זיך אבער קיינער ניט, אויסער פרעמדע געזיכ־טער, וואָס פון קלינגערס וועגען האָבען זיי גאָר ניט געקענט געבוירען ווערען אפילו... וואָס דאַרף ער זיי ?...

— שלעכט ! — ברומט ער, ארויסגעהענדיג פון געדולד, — א פערשאָלטענער טאָג, היינט וועט קיינער ניט קומען...

זיין נשמה הויבט אין איהם זיך אָן צו רייסען, ער קען מעהר ניט איינזיצען, עס איז איהם ענג. ער וויל זיך אליין בייסען, קנייפען, שלאָגען... וואָס איז ער אריין אהער ? ער וואָלט בעסער הונגערען, אבער פריי געווען — און ער הויבט אָן זוכען מיטלען, ווי אזוי צו ראַטעווען זיך.

די מיטלען זיינען ווילד, און ער וועט זיי קיינמאָל ניט טהאָן, נאָר דער מוח ארבייט.

און אָט פאַלט איהם איין ארויסצושפּרינגען דורך דעם אָפע־נעם פענסטער, און אז ער דערשרעקט זיך פאַר'ן געדאַנק, חאַפּט ער זיך אָן א צווייטען מיטעל: ער וועט צוגעהן דאָ צו וועמען עס איז, דערצעהלען די גאַנצע מעשה און וועט בעטען באָרגען 20 קאָפּיקעס.

דאָס איז אָבער אויך ניט קיין מיטעל: דאָ זיצען אלע שלעכטע מענשען, זיי וועלען קוקען ווילד אויף איהם און יעדער וועט ארויסברומען: כ'האָב ניט...

און אז די קעלנערין געהט פאַרביי, פאַלט איהם גאָר איין צו ווענדען זיך צו איהר און זאָגען:

— הער, אויב דו באָרגסט מיר אביסעל געלד, האָב איך מיט דיר חתונה — דו ווילסט דאָך חתונה האָבען, דו ביזט

דאָך שוין אַלט און אויסגעהאָרעוועט, ווער וועט דיך געהמען ?...

און די טהיר עפענט זיך, עפענט זיך און פערמאַכט זיך און קיינער פון די בעקאַנטע געהט ניט אריין...

און דער טאָג איז אזא ליכטיגער, — ווי גוט איז איצט אויפ'ן גאַס... ווי ענג איז איצט אין קאַפע־הויז, וואו ער האָט זיך פער'משכנ'ט פאַר צוואַנציג קאָפּיקעס...

— נאַט מיינער ! — וויינט אין איהם דאַס הארץ — אַ טאָג „לעבען“ איז דאָך ווערטה מיליאָנען, מיליאָנען ! גזלנים, לאָזט מיך ארוים !...

און די ווירטהין זיצט ביי דער קאַסע און היט, ווי א שטרענגער זשאַנדארם... און קלינגער רייסט זיך און זוכט מיט־לען ווי צו אַנטלויפען, ווי צו אויסגעלעזט ווערען פון דעם אַסטראָג...

ערשט זיעבען א זייגער איז געקומען א בעקאַנטער. קלינ־גערן האָט א פינטעל געטהאָן אין די אויגען און פאַר שמחה איז ער צוטומעלט געוואָרען, האָט זיך א חאַפּ געטהאָן פון אָרט און א געשריי געטהאָן:

— ברודער ! דו האָסט מיך געראַטעוועט...

יענער האָט איהם קאַלט דערלאַנגט די האַנד און האָט גע־פרעגט:

— וואָס איז מיט דיר די שמחה ?

— וויפיעל בין איך ווערט ? — האָט קלינגער אַנשטאָט צו ענטפערן, געפרעגט.

— אין מיינע אויגען א גראָשען אויך ניט...

— אי, שלעכט ! — האָט קלינגער געסטאַרעט זיך צו זיין פרעהליך. איך וועל שוין דאָ מוזען בלייבען, איך בין דאָ איצט פער'משכנ'ט אין 20 קאָפּיקעס...

— איז וואָס ווילסטו, איך זאָל דיך אויסלייזען ? — האָט דער בעקאַנטער געפרעגט האַלב שמייכלענדיג, האַלב ערנסט...

— לייז אויס, ברודער, לייז מיך אויס — איך האָב שוין קיין כח נים צו זיצען.. אזא שעהנער טאָג!...

און דער חבר האָט איהם אויסגעלייזט...

קלינגער איז א בעפרייטער אוועק צום קאסע, האָט אבגעצאהלט און זיך געשווינד ארויסגעכאפּט, נים געזעגענענדיג זיך אפילו מיט'ן אויסלייזער...

אויפ'ן גאס איז שוין דונקעל געווען, דער הימעל איז געווען פּערדעקט מיט שווארצע וואָלקענס, א קליין רעגענדעל האָט צוגעקאפּעט און קלינגערן האָט וועה געטהאָן דער ליכטיגער טאָג, וואָס איז אין תפיסה אוועק און איהם האָט זיך געדאכט, אז דער הימעל העלפט איהם צו בעווייגען דעם פערשפּיעלטען טאָג...

דער מאָרגענדיגער טאָג איז א קאַלטער, א נאסער און דונקעלער געווען, און קלינגער איז א הונגעריגער אין דער היים געזעסען און האָט געבענקט נאָכ'ן נעכטיגען טאָג...

# דער בוכהאלטער.

**11 א זיינער ביינאכט.**

ער איז נאר וואס געקומען פון קאנטאר, וואו ער דיענט אלס בוכהאלטער. ווי דערשלאגען איז ער אנידערגעפאלען אויפ'ן איינציגען שטוהל, וואס האט זיך געפונען אין קליין צי־מערל. ער האט מיט דער רעכטער האנד א שטארקען פיהר געטהאן איבער'ן קאפ און נאכהער איבער'ן גאנצען פנים, ווי ער וואלט וועלען „עפעס“ אראבנעהמען פון דארטען און פער־ווארפען עס ווייט, נאך וואס איהר וואלט אזוי לייכט, אזוי גוט געווארען...

נאר דאס אומפיהרען מיט דער האנד האט איהם גרינגער ניט געמאכט. פאר זיינע אויגען איז אלץ געשטאנען די קאנ־טארקע מיט די קאסע־ביכער און ער האט זיך געקרימט און גערונצעלט דעם שטערן, ווי איהם וואלט אויסקומען אויסרע־גולירען א פערפלאנטעטע רעכנונג...

— פוי! — האט ער אויסגעשפיגען — צום שווארץ יאהר!

און איהם האט זיך געראכט, אז אלץ וואס ער זעהט פאר זיך אין צימערל: דאס בעטעל, דאס טישעל, דאס פייער אין לאמפ דורך דעם פעררויכערטען גלאז, די וועגד אויסגעקלעבט

מיט טונקעלע טאפּעטען, אז דאָס אלץ ברומט און צופריעדען:
„צום שווארץ יאָהר!"..

און וואָס א מינוט מעהר בעהערשט איהם אלץ שטארקער דער אומעט.

ער דרעהט זיך אום מיט'ן פּנים צום פענסטער און מיט אויסגעשטעלטע אויגען קוקט ער ווייט, ווייט, ווי ער וואָלט עפּעס וועלען דערזעהן... שטילע, לאנגזאמע געדאנקען ציהען זיך איהם דורך אין מוח. ער וויל יעדער געדאנק פערהאלטען, אבשטעלען, בערעכענען איהם, נאָר דער געדאנק שפּרינגט אוועק און עס קומט אָן א צווייטער, א דריטער, א פיערטער. ענדליך צושפּרינגען זיי זיך אלע און אין מוח שטעלט זיך ביי איהם אוועק א דייטליכע פראגע מיט גרויסע שווארצע בוכשטאבען, מיט א לאנגען פראגע-צייכען:

— וואו איז מיין לעבען אוועק?...

און עס ווילט זיך איהם עפּעס דערמאנען. צעהנדליגער געשטאלטען הויבען אָן צו קריכען פויל און שלעפעריג איינס נאָך דאָס אנדערע, אָהן א צוזאמענהאנג, אָהן א סדר און די פראגע דריקט און נעהמט אדורך זיין גאנצע זעעלע:

— וואו איז מיין לעבען אוועק?

פּלוצלונג פאלט איהם איין צו טהאָן עפּעס אָן ארבייט.

ער הייבט זיך אויף פון שטוהל, בעטראכט ארום און ארום זיין צימערל, און זיין בליק פאלט אויפ'ן קאסטען, וואו עס ליגען אלע זיינע זאכען, וואָס ער האָט פון דערהיים געבראכט, און וואס ער האָט שוין דאָ ערווארבען.

ער קוקט איהם אָן קרום, נעהמט פויל ארויס פון טאש א שליסעל און עפענט איהם אויף.

עס געפעלט איהם עפּעס ניט דער סדר אין קאסטען, איהם דאכט זיך, אז יעדע זאך ליעגט ניט אויף איהר אָרט.

ער הייבט אָן איבערלעגען.

צום ערשטען פאלט איהם אריין אין האנד אן אלטער

תנ"ך. ער גיט אַ בלעטער און זיין בליק שטעלט זיך אָב אויף די ווערטער: „אָב במחתרת ימצא הגנב„. ער טייטשט אָב אין מוח יעדעס וואָרט און שרעקט זיך צו האָט ער קיין טעות ניט געהאַט... עס וואַקסט פאַר איהם אויס אַ דאַרער איד מיט אַן אָפּען האַרץ בעוואַקסען מיט האָר. „פּויער! — שרייט ער, „זאָג! אם במחתרת ימצא הגנב. נ נ נ נו!..." ער גיט אַ מיש ווייטער, ווייטער: „בנים גדלתי ורוממתי" — אַ שווערער פּסוק, געדענקט ער. דאָ איז געווען אַ האַרבע אויסרערעניש... ער וויל זיך עפּעס דערמאָנען און קוקט אויף די אותיות... נאָר באַלד גיסען זיי זיך צוזאַמען און עס שווימט פאַר איהם אַרוים, ווי פון אַ נעבעל, אַ נידריגע פינסטערע שטוב. אַרום אַ גרויסען טיש זיצען דערשראָקענע אינגלעך און רייסען זיך צום פענס־טער, צום גאַס... אַ דאַרע ביינערנע האַנד לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קינדערשע פּלייצעס איינציגווייז און די בלויע ליפּען צעבייזע־רען זיך נאָך שטאַרקער: זאָגט זשע „בנים גדלתי ורוממתי". און די אינגלעך צעשאָקלען זיך מיט אַ גוואַלד: „קינדער האָב איך געהאָדעוועט און דערהויבען"...

ער זיפצט שווער אָב און לעגט דעם תנ"ך אַוועק אונטען אין קאַסטען.

ער האַלט אין האַנד אַ צווייט ביכעל.

— אַ, די גראַמאַטיק! קלערט ער. — ער בלעטערט זי דורך און יעדעס בלעטעלע פערצעהלט איהם עפּעס, ברענגט איהם פרווירינע גריסען... עס שטעהט אויף פאַר זיינע אויגען אַ הויכער יונגער מאַן מיט אַ בייזען בליק אונטער אַ פּאָר פענ־סנע. ער דרעהט איהם דעם אויער, נעהמט אַרויס אַ בליי־שטיפט און צייכענט אויף יעדער בלאַט בעזונדער:

— וואָט נאָ זאַווטראַ, דאָ סיך פּאָר נאַאיזוסט! סלישיש?

ער לעגט אַוועק די גראַמאַטיק. ער בלעטערט נאָך אַ ביכעל — אַן אַריפמעטיק. נאָך אַ ביכעל — אַ כרעסטאָמאַטיע — אַ דייטשעס ביכעל...

עס בעווייזען זיך אלערליי געשטאלטען אין שווארצע רעק, און פענסנע, מיט א שטענדיגער בעזער פראזע:

— וואס נא זאווטרא דא סיך פאר גאאיזווסט!

„שווער געווען“, לויפט איהם דורך אין קאפ...

ער האלט ווייטער אין האנד א פאק פאפיערען.

— א, יעקב מארק'ס בוכהאלטעריע! — שמייכעלט ער ביטער, דער טאטע האט פאר איהם א תכלית געזארגט...

— און וויפיעל האט דאס דעם טאטען געקאסט! זיינע לעצטע קרעפטען האט ער פאר מיר אוועקגעלעגט.

מיט א שווערען זיפץ לעגט ער די ביכער צוריק אוועק. נאר נעהמען אין האנד נאך עפעס קען ער ניט. לאנג שטעהט פאר זיינע אויגען דאס טרויריגע געשטאלט פון טאטען. נאכ־הער בעווייזען זיך אנדערע געשטאלטען. ער דערזעהט שוועס־טער און ברידער אלע מיט פערזארגטע טרויריגע פנים'ער. דער זעלביגער קאסטען שטעהט אין דער היים אין מיטען שטוב ארומגעבונדען מיט א שטריק... די מאמע קושט איהם... דער טאטע דריקט איהם די האנד און זאגט איהם ווייך: „דו פאהרסט אין דער פרעמד, זיי דארט א מענש, היט א קאפיקע, זיי גינציג דעם בעל־הבית... ווענסט פערדינען געלד ווענסט טהאן א שדוך און וועסט זיין לייטען גלייך“... דער קליינער ברו־דער'ל דרעהט זיך ארום קאסטען און שרייט:

„ברוך, שיק מיר פון דער גרויסער שטאדט א ביקסע־לע“...

דאס הארץ הייבט איהם אן דריקען, שרעקליך ווער טהאן... נאר ער הייבט אן ווייטער איבער צו לעגען.

ער האלט שוין אין האנד דעם נייעם קאסטיום, וואס ער האט זיך דא שוין אליין געמאכט פון די שכירות... ער פער־טראכט זיך קוקענדיג אויפ'ן ראק, און עס ציהען זיך פאר איהם לאנגע, טרויריגע טעג... א שמוציגער קאנטאר, דורכגעפיהלט מיט א זויערען שווייסיגען ריח... אין די אויערען קלינגען עפעס

מאָדנע ווילדע ווערטער: פּרימאַ דע פּרימאַ, באַנקראָט, ביר־זשע, קורס, געהויבען, געפאַלען... עס וואַקסט אויס פאַר זיינע אויגען דער ווירטה ה׳ גרינבערג, א בייכיגער מענש מיט גרויהע קאַצען־אויגען. אָט געהט ער צו צו איהם מיט א בעזען בליק און פרעגט מיט זיין גראָבען קול: „עס שטימט?“... ער ענט־פערט שטיל און דערשראָקען „דאַכט זיך, א קליינער טעות“... און ווייטער רעכענען... ציפער, און ציפער, אָהן אָן אָנפאַנג, אָהן א סוף...

ער לעגט אוועק דעם אַנצוג, בלייבט שטעהן פערטראַכט און רעדט אַרוים קוקענדיג אין קאַסטען.

— מעהר, דאַכט זיך, גאָר נישט?!...

און די פראַגע הייבט איהם אָן מיט איהר ערשטער מאַכט צו דריקען.

— וואָס איז מיין לעבען אוועק?

און מיט שטאַרע בליקען קוקט ער אין קאַסטען אַריין...

# די סאפקע.

געוואָהנט האָט שמעון שטענדיג אין צימערלעך, וואָס זיי־נען ,בעשטאַנען פון איין פענסטער, א בעטעל, א טישעל און איין שטוהל. א גוטע בעל־הבית'טע פלעגט אמאָל געבען צוויי שטוהלען. אין אזאָ צימערל פלעגט שמעון וואָהנען לענגער. ניט אזוי צוליעב דעם איבריגען שטוהל, נאָר צוליעב די גוטס־קייט פון דער בעל־הבית'טע. פון גרעסערע צימערן האָט שמעון קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט. מעהר, ווי זעקס רובל פאר א צימערל קען ער ניט צאָהלען, נעהמען ווידער א גרויסען צימער פאר 12 רובל און וואָהנען זאלבענאַנד האָט שמעון ניט געוואָלט. כאָטש שמעון איז געוועזן בכלל א מענש פון דער געזעלשאפט, און האָט פון דער אינדיווידואליסטישער טעאָריע ניט געוואוסט, איז ער דאָך געוועזן, ניט וויסענדיג עס אליין, א שטיקעל אינדיווידו־אליסט. ער האָט גאַנץ אָפט איבערהויפּט ביי נאכט, ליעב גע־האט צו בלייבען אליין מיט זיך, אונטערזינגען אלטע לידעלעך, וואָס ער האָט אין דער היים געהערט, ניגונים פון יום־נוראים, זמירות פון שבת, וואָס דאָס אלץ בעווייזען פאר א זייטיגען מענשען וואָלט ער ניט געקענט. ווייל קיין קול האָט ער ניט געהאט און זיין זינגען וואָלט געווים ארויסרופען ביי א צו־הערער א געלעכטער. אויסער זינגען פלעגט ער סתם ליעב

האָבען צו טראַכטען פון העכערע ענינים, און דערצו מוז מען האָבען יחידות.

אויב פון גרעסערע צימערען האָט שמעון ניט גע'חלום'ט, האָט ער אָבער געהאַט א שטאַרקען פערלאַנג, אַז אין זיין צי־מערל זאָל זיך געפינען אַ סאָפקע. און ביים דינגען אַ נייעם צימער פלעגט ער מיט אַ מאָדנעם בייִנקענדיגען שמייכעל פרעגען דער בעל־הבית'טע:

— אפשר וואָלט איהר מיר געקענט אריינשטעלען אין צימער אַ שטיקעל סאָפקע...

ביי זיינע בעל־הבית'טעס פלעגט זיך קיין איבעריגע סאָפקעס ניט געפינען. שמעון האָט עס גוט געוואוסט, אָבער פרעגען פלעגט ער מוזען, און בעקומענדיג אַן ענטפער, אַז ניין, וועלכען ער האָט אייגענטליך ערוואַרטעט, פלעגט ער ווי מיט אַ זיפץ ארויסמורמלען:

— אַ שאָד, אַ שאָד! איך האָב אַזוי ליעב אַ סאָפקע...

אַן אַנדער בעל־הבית'טע פלעגט מיט אַ שמייכעל איהם ווי טרייסטען:

— איהר וועט אם ירצה השם חתונה האָבען וועט איהר זיך קויפען אַ סאָפקע.

אָבער אַזוי ווי שמעון האָט אויף חתונה האָבען קיין מאָל ניט געהאָפט, פלעגט ער ביטערליך נאָך דער בעל־הבית'טעס ברכה אַ שמייכעל טהאָן און פלעגט זיך פון אַ סאָפקע מיאש זיין אין גאַנצען...

נאָר איינמאָל, די לעצטע צייט, אַז שמעון האָט גענומען ווידער אַ נייעם צימערעל מיט דעם זעלבען מעביל, ווי די פריהערדיגע צעהנדליגער צימערלעך, נעמליך: איין בעט, איין טישעל און איין שטוהל, און ניט האָבענדיג אפילו אין געדאַנק צו פרעגען מכח אַ סאָפקע, רופט זיך צו איהם אַן די בעל־הבית'טע:

— אויב איהר ווילט, קען איך אריינשטעלען א סאַפּקע.

פון דער דאָזיגער פאַרליינונג איז שמעון געוואָרען אַזוי איבעררראַשט, אז ער האָט א וואָרט ניט געקענט אויסריידען, קומענדיג אבער אין א ווייילע ארום ווידער צו זיך, האָט ער מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט איבערגעפרעגט:

— וואָס זאָגט איהר?... א סאַפּקע...

— יאָ, אויב איהר ווילט — האָט די בעל־הבית'טע קאַלט געזאָגט — אין שטוב ביי מיר פערנעמט זי נאָר אן אָרט. איך האָב צוויי.

דאָ האָט שוין שמעון פערשטאַנען אין גאַנצען און ער האָט אביסעל דיפּלאָמאַטיש גענענטפערט:

— וואָס הייסט, אויב איך וויל... איך מיין, וואָס קען זי מיר שאַדען... עס וועט זיין גוט ביי טאָג אמאָל, מיין איך, צוצושפּאָרען זיך.

און באַלד איז געשטאַנען אין שמעונ'ס צימערעל א סאַפּ־קע, אן אמת'ע סאַפּקע, אויף וועלכער ער האָט זיך, ווי נאָר די בעל־הבית'טע איז ארויס, א וואָרף געטהאָן מיט'ן פּנים צום באַלקען און האָט גליקליך געשמייכעלט.

דאָס גליק איז אבער געוועזען צו גרויס, אז שמעון זאָל קע־נען רוהיג איינשלאָפען. ער איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען, עטליכע מאָל איבערגעפיהרט מיט דער האַנד איבער דער שוואַרצער סאַראַטע פון דער סאַפּקע און האָט געלויבט:

א זעלטענע סאַפּקע.

---

דאָס גליק איז אבער געוועזען צו גרויס אליין עס צו פער־טראָגען. און שמעון איז ארויס אויפ'ן גאַס צו טיילען זיך מיט זיין גליק מיט נאָך עמיצען...

בעגעגענט האָט ער דעם ערשטען, — בעריל פישמאַן, א יונגער מאַן, וואָס האַלט ניט פון דירות און זאָגט, אז א מענש

דאַרף לעבען ווי אַ פויגעל.. בעגעגענדיג דעם דאָזיגען חבר, האָט ער פערגעסענדיג יענעם'ס מיינונג וועגען דירות, איהם אָבגע־שטעלט און אַ פרעהליכער איבערגעגעבען:

— נו, ברודער, האָב איך זיך היינט אריינגעצויגען אין אַ דירה!...

— איז זי אַ פּאַלאַץ! — האָט פישמאַן איראָניזירט.

— אַ פּאַלאַץ ניט קיין פּאַלאַץ — נאָר אַ סאָפּקע איז פאַראַן! פערשטעהסט, אַ סאָפּקע.

—טייערע מציאה... — האָט פישמאַן גע'חוזק'ט: פון וואָס אַ מענש ווערט נתפעל, אַט האָב איך אפילו קיין בעט ניט, און גאָר נישט... נאָר פון דעסטוועגען דאַרף מען געהן אָנקו־קען.

— אַח, קום! — האָט שמעון זיין גאַסטפריינדליכקייט אַרויסגעוויזען.

אריינקומענדיג אין צימערל, האָט בעריל פישמאַן ניט אַרויסזאָגענדיג זיין מיינונג אויף דער דירה, זיך אַ וואַרף גע־טהאָן אויף דער סאָפּקע און ליעגענדיג שוין, געזאָגט:

— איך בין שטאַרק מיעד... איך וועל כאַפּען אַ דרע־מעל...

— אַ דרעמעל.... האָט זיך שמעון דערשראָקען... וואָס הייסט אַ דרעמעל... איך רעכען, אז די בעל־הבית'טע וועט ניט וועלען ליידען... זי האָט פערזאָגט, אַז...

— עט, לאַך פון איהר באָבען, וועסט קריגען אַן אנדער צימער.

און מעהר האָט פישמאַן ניט גערעדט. לעבענדיג ווי אַ פייגעל, האָט ער די פאַריגע נאַכט ניט געשלאָפען, און ער איז גלייך איינגעשלאָפען...

שמעון האָט געקוקט אויף דעם שלאָפענדיגען חבר און האָט ניט געוואוסט וועלכע מיטלען אָנצונעהמען. וועקען איהם האָט ער קיין הארץ ניט געהאַט, לאָזען איהם אַזוי ליעגען

וואָלט ער נאָר אליין זיך אביסעל אָבגערוהט — דאָס ערשטע מאָל אויף א סאָפקע... און ער איז געשטאַנען און געקוקט, ווי עמיצער רויבט ביי איהם זיין גליק אוועק.

ענדליך אָבער האָט ער זיך בערוהיגט און זיך געטרייסט:

— מילא, א מענש וויל זיך אָברוהען, זאָל ער זיך אָברוהען. די סאָפקע בלייבט דאָך ביי מיר.

עס איז אָבער געווען א פאַלשע נחמה. אמת, פישמאַן איז אין א פּאָר שעה ארום אויפגעשטאַנען, זיך אויסגעגענעצט הויך און בשעת גענעצען געזאָגט:

— גאַנץ וואָהל זיך דורכגעדרעמעלט — מען דאַרף געהן. נאָר א זייגער עלף ביי נאַכט, אז שמעון איז געלעגען אין די בגדים אויף דער סאָפקע און געפאַנטאַזירט וועגן זעהר גוטע זאַכען, וואָס עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט, האָט איהם א קלאַפּ אין טהיר פון קאַמערל אויפגעוועקט פון זיינע דמיונות און אז ער איז אראָבגעשפּרונגען א דערשראָקענער, האָט ער פאַר זיך דערזעהן ווידער בעריל פישמאַן....

— אזוי שפּעט ? — האָט ער אויף איהם אָנגעשטעלט די אויגען.

— איך וויל ביי דיר היינט נעכטיגען. איך האָב נאָך אַלץ קיין דירה ניט.. וועסט דאָך מסתמא ערלויבען.

— נעכטיגען ? — האָט שמעון ארויסגעשטאַמעלט — ניט וויסענדיג וואָס ווייטער צו זאָגען...

— יאָ, איבערנעכטיגען... — האָט פישמאַן בעשטע־טיגט.

— עס איז דאָך אָבער ניטאָ קיין קישען... האָט שמעון געפּרופט ראַטעווען זיך...

— עט, ביזט א שוטה... איז פישמאַן שוין אין זיין ראָלע אריין, וואָס זיינען מיר עפּעס בורזשוקעס... א סאָפקע האָסטו, וואָס דאַרף מען בעסער ?

און פישמאַן איז געבליעבען נעכטיגען און דאָס ערשטע

מאָל, נאָך זעהר א לאנגע צייט, האָט שמעון ניט געזוננען פאר׳ן שלאָף...

אויף מאָרגען, אז שמעון איז אויפגעשטאַנען, איז שוין פישמאַן ניט געווען. וויסענדיג, אז קיין פריהשטיק וועט ער ביי שמעון׳ען ניט קריגען, איז ער עס אוועק זוכען ערגעץ אנדערש.

שמעון איז צוגעגאנגען צו דער סאָפקע און האָט זיך דער־מאָנט, אז אויסער פישמאַנען האָט ער נאָך צעהנדליגער חברים, וואָס האָבען ניט קיין דירות און אז זיי וועלען זיך דערוויסען, וועט ער האָבען אלע נאכט א פארשוין אויף שלאָפען. אבזאָגען וועט ער ניט קענען. ווי אזוי זאָגט מען אָב, אז עס שטעהט אין א צימער א סאָפקע א נאכט ליידיג?... געה דערצעהל דעם עולם א מעשה, אז דו האָסט ליעב יחידות, אז דו קענסט ניט זינגען פאר א צווייטען...

און שמעון האָט געקוקט אויף דער סאָפקע און עס האָט איהם אנגענומען א שרעק... אין מח האָט שוין געאַרבייט א גע־דאנק:

— זוכען א נייע דירה, וואו עס איז פון קיין סאָפקע קיין זכר ניטאָ...

# דער מאדנער.

(געווידמעט ל. ג.)

דער פאלטא, וואס זיסעל טראגט שוין דעם צעהנטען ווינ־טער, איז אייגענטליך ניט געוועזן קיין ווינטערדיגער אין פולען זין פון דעם ווארט. אויסער דעם, וואס ער איז געוועזן העל, האט ער אויך ניט געהאט קיין וואטע. אבער קיין זומערדיגער האט ער אויך ניט געקענט הייסען. דער געוואנד פון איהם איז געוועזן גראב און האריג און דאס האט איהם צוגעגעבען א חאַ־ראקטער פון א הערבסט אדער פריהלינגס־מאנטעל. זיסעל אליין האט איהם אבער גערופען מיט א וויצעלע „דער פארע־ווער מאנטעל". און האט ערקלערט, אז מיט'ן שכל, דארף ער אזוי הייסען, ווייל אזא מאנטעל קען מען טראגען אין אלע פיער צייטען פון יאהר און אפילו צודעקען זיך מיט איהם איז אויך ניט שלעכט. אז דער מאנטעל דעקט אין א קאלטער נאכט זיס־לען צו, זעהט עס טאקע אויס ווי אן עכטע קאלדרע. אמת, די פאר ארבעל שטערען דער אלגעמיינער הארמאניע, נאר ווער דארף עס אזוי נאהענט צוגעהן בעטראכטען? דער עיקר איז דאך, ווי אזוי די זאך זעהט אויס פון דער ווייטען...

עס פערשטעהט זיך, אז אזא מאנטעל מיט אזוינע מעלות, האט זיסעל געוואוסט ווי צו שעצען. טאמער פלעגט איהם אמאל איינער פון זיינע בעקאנטע בעמערקען:

— שוין צייט איך, פאני זיסעל, א נייעם מאנטעל צו מאכען.

פלעגט זיסעל א קוק טהאן אויף זיין מאנטעל, אויפהויבען דעם קאלנער, וואס איז געווען זעהר א הויכער, ארייגלעגען א י י ן ארבעל אין צווייטען און מיט א זיעגערישען טאן ענטפערן:

— וואס? א שלעכטער מאנטעל? —

יענער פלעגט א שמייכעל טהאן און געפינען, אז דער מאנטעל איז ווירקליך גוט.

— דאס געלד, וואס א נייער מאנטעל דארף קאסטען האב איך וואו אהין צו טהאן — פלעגט נאכדעם זיסעל צוגעבען מיט א גוטמוטיגען טאן און מען האט געוואוסט, אז זיסעל, אט דער אלטער בחור, אט דער „מאדנער", וואס ארבייט ערגעץ פאר א פירמע און פערדיענט פיעל געלד, טהוט מיט מענשען גרויסע טובות און אויף זיך אליין קוקט ער גאר נישט.

---

און דאך האט זיך געטראפען מיט זיסלען א סיבה און ער האט געפעלשט אין זיין מאנטעל און אנגעטהאן א פוטער...

— ווי קומט צו איך, פאני זיסעל, א פוטער? — האט איהם יעדער בעקאנטער, דערזעהענדיג דאס ערשטע מאל אין פוטער, פערוואונדערט געפרעגט — איהר זענט שוין צום שכל געקומען?...

און זיסעל האט מיט א פערשעמטען שמייכעל גערארפט דערצעהלען א מעשה, וועלכע איז איהם געווען זעהר ניט אייגענעהם. עפעס איינער, זיינער א ווייטער בעקאנטער, וועלכער האט נויטיג געדארפט געלד, נאר בארגען ביי איהם האט זיך יענער געשעמט, האט איהם פערקויפט דעם פוטער, מיט א תירוץ, אז ער איז אויף איהם ענג.

— איך האב איהם געמוזט קויפען... איהר פערשטעהט?

— האט ער זיך פערענטפערט.

די בעקאַנטע האָבן פערשטאַנען און זיינען געווען זעהר צופריעדען, וואָס ענדליך האָט גאָט געהאָלפען און זייער גוטער זיסעל איז געוואָרען אַ מענש...

— גוט אַ פוטער, הא, וואָס ? — האָבן זיי איהם געפרעגט.

— גוט איז גוט — האָט דער אַלטער בחור מיט אַ נאַאיווען קינדערשען שמייכעל געענטפערט... אָבער...

— אָבער וואָס ?

— אָבער איך שעם מיך...

די בעקאַנטע האָבן זיך פערנאַנדער געלאַכט.

— כ'לעבען איך שעם מיך... ווי קומט צו מיר אַ פוטער ?!

די בעקאַנטע האָבן ווידער געלאַכט: טאַקי אַ „מאָדנער". מען זאָל זיך שעמען צו טראָגען אַ פוטער! הלואי וואָלט יעדער פון זיי געהאַט אַ פוטער וואָלט ער גאָר אַן אַנדער שטאַלץ בעקומען. די ערד וואָלט אונטער איהם געציטערט...

און לכבוד דעם פוטער, וואָס זיסעל האָט אַנגעטהאָן, האָט דער ווינטער אַראָבגעשיקט אַ שטאַרקען פראָסט, וואָס האָט עטליכע טעג נאָך אַנאַנד מיט אַ קאַלטען פייער געברענט. זיסלען, געהענדיג אין גאַס, וואָס האָט געווישט פון מענשען, צווישען וועלכע ער האָט גראַד ווי אויף צולהכעיס פיעל לייכט געקליידעטע בעגעגענט, האָט זיך געדאַכט, אַז ע ר איז אין דעם פראָסט שולדיג, און האָט ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען די אָרימע, לייכטגעקליידעטע דורכגעהער, וואָס האָבן זיך געקנייטשט אין דרייען פאַר קעלט. ווען ער וואָלט געטראָגען זיין „פּאַראַווען מאַנטעל" וואָלט ער שוין צו אַ מאַנכען צוגעגאַנגען און געפרעגט:

—וואָס, קאַלט, פעטערקע ?

אָבער אין דעם פוטער האָט ער קיין מוטה ניט צוצוגעהן אום צו ריידען, ווי זיין שטייגער איז, אַ וואָרט. דער פוטער מאַכט אַ מחיצה צווישען איהם און די אַלע אָרימע. און אַ פער־

שעמטער לויפט ער דורך די גאס, סטארענדיג זיך קיינעם אין די אויגען ניט אריין צו קוקען. ער קען זיך אבער ניט איינ־האלטען, בעגעגענדיג אן ארימען טרעגער, האט ער ווי פער־שולדיגט א פרעג געטהאן: קאלט הא?... דערהערענדיג א קרעכץ אנשטאט אן ענטפער, איז זיסלען א קעלט דורכגעלאפען דורכ'ן פוטער, און ער האט עפעס בעשלאסען...

* * *

אויפ'ן פינסטען טאג, אלס דער פראסט האט זיך גע־שטארקט, האט מען זיסלען צוריק געזעהן אנגעטהאן אין זיין אלטען מאנטעל.

— וויעדער אין אלטען? — האט איהם א בעקאנטער גע־פרעגט. — איהר וועט דערפרוירען ווערען — אזא פראסט!

— עט, האט זיסעל מיט א זיכערען טאן געענטפערט.

— אהן א פוטער ווערט מען ניט דערפרוירען, אבער אין א פו־טער ווערט מען אבגעריסען און פערפרעמדט פון ארימע ברי־דער, און אהן זיי איז קאלט אין בעסטען פוטער. יעצט איז מיר גאנץ ווארים...

דער בעקאנטער האט געקוועטשט מיט די פלייצעס און אין געדאנק אויף זיכער בעשלאסען:

— „ניט נאר א מאדנער — א משוגענער!...

לאזענדיג דעם בעקאנטען מיט זיין מיינונג איבער איהם, האט זיך זיסעל געלאזען געהן. ער האט גלייך בעמערקט ביי א ראג שטעהן א טרעגער, וועלכער האט דא געקלאפט מיט די פיס, דא געפאטשט א האנד אין א האנד, דא אונטערגעשפרונגען און נאך אזעלכע סגולות צום פראסט. זיסלען האט עס געריהרט, אבער אויך געפעלען געווארען. אין זיינע אויגען האט זיך בעוויעזען דאס אלטע גוטע פייעריל און האט זיך געווענדט צום טרע־גער:

— וואס, פעטערקע, קאלט?

— קאלט, קאלט! — האט דער טרעגער ווי פרעהליך גע־ענטפערט.

— נישקשה! מיר וועלען ניט דערפרוירען ווערען! — האט זיסעל גוטמוטהיג געענטפערט.

— עט, דערפרוירען ווערען! ווער זאגט עס? דעם ערש־טען ווינטער בעגעגען איך דען? — האט דער טרעגער, מאַ־כענדיג זיינע סגולות פאר איין וועגס געדערט.

און זיסעל איז מיט א ליעדעלע פרעהליך ווייטער אוועק־געגאנגען, לאכענדיג פון זיך אליין ביים געדאנק, אז ער האט פיער טעג א פוטער געטראָגען.

— עס איז טאקע געוועזן א משוגעת! — האט ער הויך אויפ'ן קול זיך מתודה געוועזן...

# די ברידער.

שוין עטליכע טעג, אז לייב מינקין האט זיך געפיהלט, ווי צעבראכען און האט קוים געקענט איינזיצען אין קאנטאר ביי דער ארבייט וואו ער האט געשריעבען, ווי א מאשין, עפעס אזוינע צעטלעך, אלץ מיט איין נוסח. ער האט אבער זיך אנגע־טהאן כחות צו דערציהען ווי עס איז ביז דעם צוואנציגסטען, ווען ער נעהמט אב די צוואנציג רובל שכירות. ווייל אוועקלע־גען זיך אין א פרעמדער שטאדט ביי פרעמדע מענשען אהן א גראשען, האט ער מעהר מורא געהאט ווי פאר דער קראנקהייט אליין. דאנערשטאג פאר נאכט האט ער, קוים האלטענדיג זיך אויף די פיס, בעקומען די צוואנציג רובל, גראד איינציגע זיל־בערנע רובל. ער האט זיי מיט ליעבשאפט איבערגעצעהלט, ארייגעלעגט אין דער שטארקסטער קעשענע און האט זיך גע־לאזען געהן אויף זיין קוואטיר.

קומענדיג אויף דער קווארטיר, איז ער אריין אין זיין קליין קאמערל. די צוואנציג איינציגע רובל האט ער איינגעבונדען אין א טיכעל, האט זיי אוועקגעלעגט אונטער דער קישען און האט זיך גלייך אוועקגעלעגט אין בעט, טאפענדיג די געלד מיט דער האנד אונטער'ן קישען...

איבערהויפט האבען איהם געבראכען די פיס און ווי ער האט געדענקט פון אמאל, בשעת ער איז נאך אין דער היים

געווען, האָט מען איהם ביי אזא פאל געשמירט די פיס מיט אראָמאַנטעם עסיג.

„עס וואָלט איצטער אויך גוט געווען — האָט ער א טראַכט געטהאָן — אָבער ווער?“

ער האָט ווידער מאשינאל אָנגעטאפּט אונטער'ן קישען דאָס טיכעל מיט דעם געלד.

„זיי וועלען שמירען“! — האָט ער זיך אליין געענט־פערט — זיי זיינען יעצט מיינע קרובים: צוואַנציג ברידער!...

ער האָט ארויסגענומען דאָס טיכעל פון אונטער קישען און האָט פונאַנדערבינדענדיג עס, יעדער רובל אָנגעטאפּט. זיי זיי־נען געווען קאַלט, אָבער מינקין האָט אויף זיי געקוקט, ווי אויף אמת'ע ברידער.

„דו, ברודערל, האָט ער גערעדט צו איין רובל, וועלכען ער האָט ארויסגענומען פון טיכעל, וועסט מיר רופען א פעלד־שער. דו ביזט דאָך א גוטער, האַ?

דער רובל האָט, שוויינענדיגער־הייט, מסכים געווען.

באַלד איז דאָס שטוב־מיידעל, וועלכען מינקין האָט מיט א שוואַכען קול אריינגערופען, ארויסגעגאַנגען קויפען אראָמאַנטעם עסיג און רופען א פעלדשער.

דער פעלדשער, וועלכער איז אין א האַלב שעה געקומען, האָט ווי ברוגז איהם בעטראַכט, געהייסען ווייזען די צונג. און אַז מינקין האָט איהם געזאָגט פון זיין פערלאַנג אויסצושמירען איהם מיט אראָמאַנטעם עסיג, האָט ער זיך אָנפאַנגס טרוקען אָבגעזאָגט. אָבער אַז מינקין האָט מיט א קרענקליכען שמייכעל איהם א זאָג געטהאָן, אַז פאַר זיין פריינדשאַפט וועט ער איהם גוט בעדאַנקען, איז דער פעלדשער מרוצה געוואָרען און האָט איהם זעהר שטאַרק געריבען די פיס מיט'ן עסיג, אַזוי שטאַרק, אַז מינקינען האָט אַזש וועה געטהאָן.

בעצאָהלט האָט איהם מינקין מיט א גאַנצען האַלבען רובל, פון דער רעשט, וואָס דאָס מיידעל האָט געבראַכט. דער פעלד־

שער איז פּלוצים איבערגעביטען געוואָרען, האָט איהם גענומען נאָך אַמאָל אַרומקוקען, טאַפּען דעם שטערן און געזאָגט, אַז קיין סכנה איז ניטאָ, פון דעסטוועגען דאַרף מען רופען מאָרגען פריה אַ דאָקטאָר.

אַז דער פעלדשער איז אַרויס איז אַריין די בעל־הבית'טע, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען מיט אַ שטרייכגען קוק.

— איהר קלעהרט אַ פּנים אוועק צו לעגען זיך, האָט זי אַ זאָג געטהאָן — וואָס איז דאָך אייך — אפשר אין שפּיטאָל ?...

מינקין האָט פאַר שפּיטאָל זיך זעהר דערשראָקען, און מיט בעטענדע בליקען האָט ער איהר געענטפערט, אַז ער וועט זיך סטאַרען וואָס גיכער געזונד ווערען... און געלד — האָט ער מוסיף געווען — האָב איך גענוג...

— ווער רעדט וועגען געלד — איז די בעל־הבית'טע ווייכער געוואָרען. אפשר אַ זופּ אויפקאָכען אייך. גיט אויף מילך און אויף גרויפּען.

מינקין האָט אפילו עסען ניט געוואָלט, אָבער כדי צו ווייזען דער בעל־הבית'טע, אַז ער האָט געלד און זשאַלעוועט ניט האָט ער אַרויסגענומען, ליעגענדיגערהייט, דאָס טיכעל מיט דעם גאַנצען געלד, האָט איהר איבערגעגעבען אַ רובל און האָט געזאָגט.

— קויפט, נאָר גוטע.

— ווי דען ? פאַר אַ חולה מוז אַלץ זיין גוטע, האָט די בעל־הבית'טע געזאָגט, בעקוקענדיג דעם רובל פון אַלע זייטען, און איז אַרויס.

פון רובל האָט זי איהם געבראַכט צוריק אַכטציג קאָפּיקעס, און מיניקין איז געווען צופריעדען, וואָס ז י האָט אוראי אַ צעהנעריל פערדיענט. וועט זי איהם אין שפּיטאָל ניט טרייבען...

אויף מאָרגען פריה איז געקומען דער פעלדשער. די בעל־הבית'טע איז גלייך נאָך איהם אַריינגעגאַנגען.

— נו, וואָס מאַכט אונזער חולה? — האָט זי איהם גע־פרעגט.

— אַט וועלען מיר איהם בעקוקען, וועלען מיר זעהן!— האָט דער פעלדשער זעהר צופריעדען, כמעט ווי פרעהליך ארויסגערעדט.

מינקין איז געווען, כאָטש דער קאָפּ האָט איהם שרעקליך וועה געטהאָן, זעהר גליקליך מיט דער פריינדשאַפט פון זיי ביידען און האָט אינסטינקטיוו אונטערגעלעגט די האנד אונטער דעם קישען, וואו ער האָט אַנגעטאַפּט דאָס טיכעלע מיט דעם געלד...

דער פעלדשער האָט איהם אויסגעמאָסטען די היץ און די בעל־הבית'טע איז די גאנצע צייט געשטאַנען און געוואַרט, ווי עס וואָלט געווען איהרער אַן אייגענער זוהן.

— וויפיעל? — האָט זי בעזאָרגט געפרעגט, אַז דער פעלדשער האָט דעם גראַדוסמעסטער ארויסגעצויגען.

— אֵי — וואָ! — 38 מיט 3 צעהנטעל!

— מעג ער עפּעס עסען?

— בלויז אביסעל הינערשע זופּ — האָט דער פעלדשער גע'פסק'נט.

מינקין האָט דעם פעלדשער ווידער שעהן בעצאָהלט און האָט איהם דערפאַר געבעטען, אַז ער זאָל שיקען אַ גוטען דאָק־טאָר.

— דעם בע'סטען! — האָט דער פעלדשער פערזיכערט — אין אַ פּאָר שעה ארום קומט ער צו אייך.

אַז דער פעלדשער איז ארויס, איז די בעל־הבית'טע צו־געגאַנגען צו מינקינ'ען און געזאָגט:

— גיט אהער געלד, וועל איך אייך קויפען אַ שטיקעל פרישע הוהן. גאָר ניט עסען, קענט איהר נאָך פערשוואַכט ווערען.

— אַ, איך דאנק אייך, איך דאנק אייך! — האָט מינקין

שוואך אבער בעגייסטערט געזאגט. און האט ארויסגענומען א גאנצען רובל פון טיכעלע.

— איך וועל אייך ברענגען רעשט! — האט די בעל־הבית'טע פערזיכערט, חאטש מינקין האט ניט פערשטאנען, צו־ליעב וואס זאגט זי דאס. אודאי וועט בלייבען רעשט!

אין א שעה ארום האט די בעל־הבית'טע איהם אריינגע־טראגען 30 קאפ. רעשט און געפרעגט: וואס מאכט ער.

מינקין האט זיך עפעס זעהר גע'שעמט צו קוקען איהר אין די אויגען און האט קוים געענטפערט:

— נישקשה...

— הוהן איז היינט, א קלאג נאך זיי, פייער און פלאם, — האט די בעל־הבית'טע א זאג געטהאן און איז ארויס קאכען פאר איהם די זופ.

אין א פאר שעה ארום איז געקומען דער דאקטאר. ער האט איהם אויף גיך בעטראכט, געשטעלט עטליכע שאלות און גע־בעטען א טינט און פען.

אנשרייבענדיג עטליכע ווערטער, האט ער זיך אויפגע־שטעלט.

מינקין האט איהם ליגענדיג אויסגעצויגען די האנד: דער דאקטאר האט ווי אן אמת'ער קונצען־מאכער ארויסגענומען פון דארט א רובל און ווי אן אמת'ער קונצען־מאכער אריינגע־ווארפען ערגעץ אין א קעשענע, זאגענדיג גלייך נאך דעם קונץ א פאר פריינדליכע ווערטער, פון וועלכע מינקין איז גערירט געווארען.

„גוט וואס עס איז אויסגעפאלען כשעת איך האב אבגענומען די שכירות", האט ער א טראכט געטהאן, אז דער דאקטאר איז ארויס.

באלד איז אריין די בעל־הבית'טע.

— מען מוז דאך געהן מאכען דעם רעצעפט, — האט זי מיט מוטערליכע בעזארגונג געזאגט, פערקניימשענדיג דעם

פנים — ווער ווייס, ווי פיעל דער רעצעפּט קען אין אפּטייק אנטרעפען — ד ע ר דאָקטאָר פערשרייבט אזוינע טייערע רע־צעפּטען!

— ממה־נפשך, נאט אייך צוויי רובל! — האָט מינקין געזאָגט, גראבלענדיג זיך קוים אין טיכעלע און דערלאנגענדיג איהר צוויי זילבערנע רובל'ס.

— פון דעסטוועגען רעכען איך, אז קיין גאנצע צוויי רובל וועט ניט קאָסטען! — האָט זי געצווייפעלט. — ממה־נפשך — האָט זי צוגעלעגט, — וועל איך אייך ברענגען רעשט.

אין א שעה ארום האָט זי איהם אריינגעטראָגען א פּלע־שעלע איינגעוויקעלט אין א בלאָהע פּאַפּיער.

— סאר'א יקרות! — האָט זי געקרעכצט — ניט אנדערש ווי צעהן גילדען — חאָטש גיב איהם א קרענק!

— מסתמא איז דאָס א גוטע רפואה — האָט מינקין איהר געוואָלט ארויסנעהמען פון פערלעגענהייט, אין וועלכער זי האָט זיך, לויט זיין מיינונג, געדארפט געפינען...

— אלע דריי שעה א לעפעל. נעהמט איצטער איינע, — האָט די צוגעגעבען אין א וויילע ארום.

— ווי אזוי זאָל איך נעהמען, איך האָב דאָך ניט קיין לעפעלע? — האָט ער קוים געוואָגט צו בעטען.

— איהר ווילט א לעפעל, אָט איך שיק אייך שוין.

דאָס שטוב־מיידעל האָט מיט א בייזער מינע אריינגעטראָ־גען א לעפעל.

— איך וועל אייך בעפרידיגען! — האָט ער געריהרט ארויסגערעדט.

דאָס שטוב־מיידעל איז שטעהן געבליבען און האָט שוין פריינדליכער געפרעגט:

— אפשר עפענען אייך דאָס פלעשעלע?

— נו, אויב איהר ווילט זיך מטריח זיין!

דאָס שטוב־מיידעל האָט איהם אויפגעעפענט דאָס פלע־

שעלע, און האָט אָנגענאָסען א לעפעל און איהם צוגעטראָגען צום בעט.

די רפואה איז געווען א ביטערע און האָט געריסען אין האלז, אבער אז דאָס שטוב־מיידעל האָט איהם געפרעגט האלב־לאכענדיג:

— נו, עפּעס גוט?

האָט ער געענטפערט:

— זיס.

צוליעב וואָס, האָט ער אליין ניט געוואוסט.

אין א פּאָר שעה ארום האָט איהם די בעל־הבית'טע אריינגעטראָגען אין אַ טעלער עטליכע לעפעל זופּ.

— עס איז פארהאָן אפילו נאָך א ביסעל — האָט זי געזאָגט, — נאָר איך האָב מורא, אז עס קען אייך פערשאַדטען.

ווענען דער הוהן אליין און ווענען דעם האלבען רובל רעשט פון דעם רעצעפּט, האָט זי ניט דערמאָנט און מינקין האָט זיך שטארק געוואונדערט דערויף, אָבער געפרעגט האָט ער ניט. „נאָך בעסער — האָט ער געטראכט, — וועט זי מיך ניט טרייבען אין שפּיטאָל"...

---

אויף אזא אופן האָט זיך געצויגען אַ וואָך.

אז נאָך דער וואָך איז די בעל־הבית'טע אין דערפריה אריין צו איהם, איז ער געלעגען שטארק פערטראָגען מיט אָפּענע אויגען צום באלקען און האָט גערעדט פון היץ.

— מיינע ברידער? וואו זיינען מיינע צוואנציג זילבערנע ברידער... ניטאָ... איין זילבערנער ברידער!...

— אוי וועה איז מיר, ער איז דאָך גוט קראנק! — האָט זי פאר זיך א מורמעל געטהאָן.

זי האָט אונטערגעלעגט די האנד אונטער דער קישען און האָט אין טיכעל אָנגעטאַפּט א לעצטען רובל.

„קיין געלד האָט־ער שוין אויך ניט, — האָט זי א מורמעל

געטהאָן, — „מען מוז איהם אוועקפיהרען אין שפּיטאָל".

— איהר וועט פאָהרען אין שפּיטאָל? פאַני מינקין?

מינקין האָט ניט געענטפערט. ער האָט אַלץ גערעדט:

— וואו זיינען מיינע צוואנציג ברידער?... הא? די ברי־דער מיינע...

— אַן עסק! — האָט זי זיך פערקרימט און איז ארויס דינגען אַ דראָזשקע אוועקפיהרען איהם אין שפּיטאָל.

# שטילע טריט.

הערר פינקעלקרויט, ביי וועמען שוואכמאן, א אידישער לעהרער, האט מיט א פאר וואכען צוריק בעקומען א לעקציע, האט געוואוינט אין די ווייטע גאסען פון דער גרויסער שטאדט. געהענדיג אויף דער לעקציע, פלעגט שוואכמאנען אויסקומען דורכצוגעהן אייניגע שטילע געסלעך, וואו ער האט געקענט אונגעשטערט און פריי בעטראכטען זיך טיעפער און ערנסטער; למשל, ארומקוקען דעם אלטען ראק; איבערצעהלען די פלאמעס, וואס דער ראק האט פערמעגט; פרובען זיך א לייכמיערע אבריבען מיט די גרויסע נעגעל, וואס שוואכמאן האט שטענדיג געטראגען; צוטראגען א פוס נאהענט צום אויג און זעהן, וואס עס טהוט זיך „דארטען“ מיט די פעדעמלעך, וואס שלעפען זיך פון די אויסגעמוליעטע הויזען; וועלכע פון זיי אבריי־סען און וועלכע פערבויגען, אויב ס׳איז מעגליך... אראבנעהמען דאס אלטע היטעל פון קאפ און א פיהר טהאן איבער איהם מיט׳ן ארבעל; אויסרייניגען די נאז און אבווישען מיט דער לינקער זייט פון ראק. מיט אייןווארט אבטהאן אלע ארבייט, וואס זיינען אפשר נויטיג אויך אין די רוישענדע גאסען, וואו עס געהען פיעל מענשען, אבער אונמעגליך. אז שוואכמאן פלעגט פארטיג ווערען מיט דער ארבייט, פלעגט נאך איהם בלייבען

צייט צו בעטראכטען דעם „עצם זיך“, צוהערען זיך צו יעדער בעוועגונג זיינע.

און בעטראכטענדיג מיט גרויס אויפמערקזאמקייט דעם „עצם זיך“, האט ער איינמאל, געהענדיג אין די שטילע געסלעך, בעמערקט אין זיך א ווילדע ענדערונג און ער האט זיך שטארק דערשראקען. נעמליך, ער געהט און געהט, און די טריט זיינע הערען זיך ניט, פונקט ווי א שאטען וואלט זיך אומגערוקט. עפעס לאזט זיך קיין שום קלאנג ניט הערען נאך יעדען טריט זיינעם.

ער האט זיך געסטארעט וואס שטארקער צו טרעטען מיט די פיס אויפ'ן טראטואר, עס האט אבער ניט געהאלפען: קיין קלאנג איז נאכ'ן טריט ניט ארויס.

— וואס איז דאס? — האט ער מיט שרעק זיך אליין געפרעגט און זיך געוואלט דערמאנען צי איז ביי איהם געוועזען אלע מאל אזא שטילער טריט און ער האט עס ניט בעמערקט, אדער ער איז איצט שוואך געווארען און האט ליידענדיג די גאנצע יוגענד, זיינע כחות פערלארען?

ער האט זיך געלאזט געהן ניכער און האט פון זיך אליין געלאכט, וואס אזא נארישקייט בעאונרוהיגט איהם. פון וואנען איז עס גענדרונגען, אז א טריט מוז זיך הערען, וואו שטעהט עס געשריבען?

זיין לאכען האט איהם אבער ניט געהאלפען. דער פערלאנג צו הערען א קלאנג נאך יעדען טריט האט איהם אינגאנצען בעהערשט, און ער האט געטרעטען מיט די לעצטע כחות, דרייקענדיג די שיך אן די שטיינער פון טראטואר. ער האט די פיס הויך געהויבען און מיט אימפעט אראבגעלאזען, פונקט ווי ער וואלט זיך די סאלדאטישע מארשיראווקע געלערנט. עס האט איהם דאס אויך ניט געהאלפען, קיין ווידער־קול האבען זיינע טריט אלץ ניט געגעבען.

— אט געהט עמיצער, מען דארף זיך צוהערען צו זיינע

טריט! — האָט שוואַכמאַן ווי דערפרעהט זיך, דערזעהענדיג פון דערווייטענס, ווי איינער לאָזט זיך געהן קעגען איהם.

דער מאַן, וואָס האָט בעדאַרפט פאַרבייגעהן, איז געווען ווייט פון שוואַכמאַנען און ער האָט אַנגעשטרענגט אויפמערקזאַם די אויערען צו חאַפּען אויף ריכטיג דעם קלאַנג.

— טריק—טראָק, טריק—טראָק! — איז דער מאַן פאַרבייגעגאַנגען, קלאַפּענדיג מיט די שיך אַן שטיינערנעם טראָטואַר.

שוואַכמאַנען האָט זיך געדאַכט, אַז דער דורכגעהער האָט אויף איהם געקוקט מיט פעראַכטונג, און ער איז נאָך געפאַלענער ביי זיך געוואָרען.

— אָט דאָס איז אַ טריט! — האָט ער מיט קנאה געטראַכט און מיט דאָרשטיגע בליקען בעגלייט דעם דורכגעהער, פון וועלכען עס האָבען זיך נאָך געהערט די פעסטע טריט:

טריק—טראָק. טריק—טראָק!...

— עס פערשטעהט זיך, אַ טריט מוז מען הערען, — האָט שוואַכמאַן טרויריג פאַר זיך געמורמעלט, אין מוח איז איהם דורכגעלאָפען אַ שורה פון אַ העברעאישען געדיכט:

„איך הער שוין די מעכטיגע טריט פון מיין פאָלק!“

און שוואַכמאַנען האָט זיך מאָדנע פערוואָלט, אַז זיינע טריט זאָלען אויך ווערען מעכטיג, אַז יעדער פערבייגעהער זאָל איהם הערען און בעמערקען...

צוקומענדיג צום הויז, וואו פינקעלקרויט האָט געוואוינט, האָט זיין הארץ מעכטיג אַנגעהויבען צו קלאַפּען: „ווער ווייס וואָס פאַר איין פערענדערונג אין מיר איז פאָרגעקומען“. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ווי ער וועט נאָר די שוועל איבערטרעטען, וועט די דיענסט, די ערשטע דערזעהענדיג איהם, אַ פּאַטש געבען מיט די הענד, אויסגלאָצען די אויגען און וועט זיך צושרייען:

— וועה איז מיר, אַ געשטאָרבענער לעהרער!

— טפו, — האָט ער פאַר שרעק אויסגעשפּיגן און מיט ציטערנדיגע הענד האָט ער א ציה געטהאָן דאָס גלעקעל.

די דיענסט האָט איהם געעפענט. אריינגעהענדיג אין קאָרידאָר, האָט ער דערפיהלט אז ער איז איצט בלאסער, ווי געוועהנליך. ער האָט נאַריש געקוקט אויף די דיענסט, זי האָט אויף איהם צוריק געקוקט און געשמייכעלט. איהם האָט זיך גערדאכט, אז „דאָס" איז שוין...

ער האָט זיך געלאָזט געהן צום תלמיד און האָט זיך ווייעדער אָנגעהויבען צוהערען צו זיינע טריט. קיין קלאַנג איז אָבער איצט אויך ניט ארויס און איהם האָבען זיך פאַר שרעק די פיס געוויגעט.

— זאָל זיך חאַטש עפּעס א שאַרף הערען, רבונו של עולם!

— האָט ער אין דער שטיל געוויינט...

ער איז אריין אין זאַל. די מאדאם איז געזעסען מיט אראָבגעלאָזענע אויגען און האָט געלעזען די צייטונג.

— יאשע איז אין צימער? — האָט דער לעהרער שוואַך געפרעגט.

— אוי! — האָט זיך די מאדאם מיט שרעק א חאַפּ געטהאָן. — ווי איהר האָט מיך דערשראָקען! איך האָב גאָר ניט געהערט, ווי אזוי איהר זענט אריינגעגאנגען...

„מען הערט מיך ניט אריינגעהן!" איז שוואַכמאַנען, ווי א קויל דורכגעלאָפען איבער'ן קאָפּ און איהם איז הייס געוואָרען...

* * *

די אורזאכע פון דעם ווילדען אונגליק איז שוואַכמאַן דערגאַנגען ביי דער נאַכט פאַר'ן שלאָף, ווען ער האָט די קאַמאַשען זיינע אויסגעטהאָן און זיי בעטראַכט, און ער האָט זיך געוואונדערט, ווי אזוי האָט ער דאָס גלייך ניט פערשטאַנען און ווי אזוי האָט ער עס פריהער ניט בעמערקט: די קאַמאַשען האָבען

ממש ניט קיין ברעקעל פאַדעשווע און ניט קיין ברעקעל זויל. ווי אזוי קען זיך גאָר הערען א קלאנג?

די נייע ענטדעקונג האָט איהם אפילו אביסעל רוהיגער געמאכט, נאָר דער אומזיסטער בייטאָגיגער שרעק האָט איהם די נערווען אויפגערעגט, און ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען. ער איז געלעגען מיט אָפענע אויגען צום באלקען און געקלערט. „דער גאנצער כח איז ניט אין דעם מענשען אליין, נאָר אין זיי־נע שיך“, איז איהם מיט אמאָל אריינגעפאלען אין קאָפּ א געדאנק.

און די אידעע איז איהם שטארק געפעלען געוואָרען.

— דאָס איז גאנץ טיעף! — האָט ער גערעדט מיט זיך אליין. — נאָך אמאָל: דער מענש אליין, וואָס האָט אזוי פיעל כח, אזוי פיעל ענערגיע, וואָס קיין זאך איז פאַר איהם ניט שווער, אָט דער מענש, אָט דער חכם (ביי דעם וואָרט חכם האָט ער זיך ברייט צושמייכעלט), אז ער זאָל אומגעהן אָהן פּאַדעש־ווען און זוילען, בעמערקט מען איהם אפילו ניט, הערט מען ניט ווי ער געהט — אויס מענש!... קומט אויס, אז דער גאנצער כח פון מענשען בעשטעהט נאָר אין די פּאַדעשוועס און די זוילען... א פיינע זאך!

—אייגענטליך איז דאָס ניט קיין גרויס אונגליק, — האָט ער זיך ווייטער געלאָזט אין חקירה — פאַר א רובל לאָזט מען זיך מאכען פּאַדעשוועס און זוילען און מען ווערט ווידער א מענש, און אז מען געהט, הערען זיך די טריט: טריק— טראָק, טריק—טראָק! און דו פיהלסט זיך ווידער שטארק.

דער געדאנק וואָלט שוואכמאכנען אינגאנצען פרעהליך גע־מאכט, ווען ער וואָלט ניט געווען קלאָר אין זיין געלד־בייטעלע, אין וועלכען עס זיינען נאָר געלעגען צוויי קנעפּלעך און עפּעס א צעטעל פון צערקיל, וואָס ער האָט גאָר אָהן א שום נויטיג־קייט געהיט. וואָס אנבעלאנגט צו בארע געלד, האָט דאָס געלד־בייטעלע בעדארפט נאָך געדולדיג ווארטען צוויי וואָכען ביז'ן

„ערשטען“, ווען שוואכמאן וועט מיט א פרעהליך געמיטה אהין עפּעס אויף א טאָג צי צוויי אריינלעגען.

און שוואכמאן האָט זיך דערמאָנט, אז נאָך צוויי וואָכען וועט ער זיך אזוי בעווענען ווי א שאָטען, אונבעמערקטערהייט אריינגנעהן אויף דער לעקציע צו פינקעלקרויטען און אלע טאָג איבערשרעקען די בעל־הבית'טע, און ער איז מיט א שווער גע־מיטה אנטשלאָפען געוואָרען ערשט פיער א זייגער.

און איהם האָט זיך גע'חלום'ט, אז ער געהט ערגעץ אין א וויסטער גאס איינער אליין און קלאַפּט מיט אלע כחות מיט די פיס אָן טראָטואר, נאָר קיין שום קלאנג געהט ניט ארויס, און ער געהט ווייטער און ווייטער און א קאלטער שוויים בעגיעסט איהם.

פּלוצלונג וואקסען פאר זיינע אויגען אויס א חברה קונ־דיסים, איינער פון זיי לויפט פאַראויס, האלט אויף די הענד א פּאָר גרויסע הילצערנע שיך און שרייט:

— עי, דו, קבצן, טהו אָן די שיך, ניכער טהו אָן, ועסטו גענעזען ווערען!

און די חברה קונדיסים בעפאלען איהם, וואַרפען איהם אום אויף דער ערד, ציהען פון איהם אראָב זיינע שיך און לאכען זיך ווילד פונאנדער.

— אָהן זוילען, אהן פאַרעשוועס, א געשטאָרבענער...

און די חברה קונדיסים ווערען פערשוואונדען. שוואכ־מאן בלייבט אליין ליגען, און ער פיהלט זיינע פיס אָנגעטהאָן אין שווערע הילצערנע שיך. ער הויבט זיך קוים אויף, שטעלט זיך אוועק אויף די פיס און לאָזט זיך געהן און די שטילע גאס ווערט פערהילכט פון זיינע טריט:

— טריק—טראָק, טריק—טראָק!

* * *

אז שוואכמאן איז אויף מאָרגען געגאנגען צו פּינקעל־קרויט'ן אויף דער לעקציע, האָט ער זיך ווידער צוגעהערט צו

זיינע טריט, חאטש ער האָט געוואוסט, אז עס איז אומזיסט זיין בעמיהען זיך, עס וועט זיך גאָר ניט הערען.

און געדולדיג האָט ער אנגעהויבען צעהלען די טעג ביז צום „ערשטען“, ווען ער וועט פעררינכטען די שיך און דאמאָלס וועט ער געבען טריט ווי געהעריג איז, ווי עס פאסט פאר א מענ־שען:

— טריק—טראָק, טריק—טראָק!

און ער האָט געבענקט נאָך דעם קלאנג...

# די ציגיינערין.

ליזע איז א געוועהנליך מיידעל. זי האט אפילו שווארצע אויגען און שווארצע האר, נאר וועניג מיידלעך האבען דען שווארצע אויגען און שווארצע האר? איהר וואוקס איז העכער פון מיטעלמעסיג, נאר פיעלע חבר'טארינס איהרע זיינען פון איהר וואוקס. געענדיגט האט ליזע גימנאזיום מיט 9—10 און אפילו מיט צוויי 12־ער. אבער וועניג חבר'טארענס איהרע האבען דען די זעלבע „באלען" בעקומען? ביכער לעזט זי די נייעסטע, טשיריקאוו'ס, טשעחאוו'ס, גארקי'ס און אנדרעעוו'ס, אבער אלע איהרע בעקאנטע און חבר'טארענס האבען די דאזיגע אויטארען אויך געלעזען.

נאך דעם אלעם איז זי פארט א נעוועהנליך־מיידעל. דאס הייסט, אז זי קומט זיך צוזאמען אויף א פערזאמלונג, אויף א באל, אדער אויף א האבציים, האט זי ניט אזוינס, מיט וואס זי זאל זיך קענען אויסצייכנען, ארויסווייזען זיך מעהר, ווי אנדערע: זי ווערט דערשלונגען אין די איבריגע געוועהנליכע מיידלעך.

דאס אלעם וויים ליזע און דאס וויסען פערשאפט איהר שמערץ. אין דעם פרט איז זי שוין ניט געוועהנליך. ליזע וואלט וועלען מיט עפעס זיך לאזען מערקען. געפינענדיג זיך צווישען א סך, וואלט זי וועלען ניט געהערען צום סך, נאר זיין אוי־

סער איהם. דאָס דאָזיגע געפיהל איז ביי איהר געווען ענטוויקעלט ביז קריינקליכקייט. און ווען די מענשען וואָלטען געווען פעהיגער צו קענען אריינדרינגען אין די פערבאָרגענע שפּאַלטען פון א צווייטענס נשמה, וואָלט אזא ווי ליזע בעטראכט ווערען טאקע פאר אן אונגעוועהנליכער און זי וואָלט אפשר זיך רוהיגער פיהלען און ניט שטענדיג געביסען זיין פון איהר ניט־צופריעדענגעשטעלטען געפיהל...

געטהאָן האָט ליזע פיעל סגולות צו איהר „געוועהנליכקייט“. ליידער זיינען אבער די סגולות ניט געווען אויסערליכע, וואָס מענשען זאָלען עס קענען באלד מערקען, נאָר אינערליכע. צום ביישפּיעל, געפינענדיג זיך אויף א באַל, אָדער אזוי צווישען א סך, וואו יערער פלעגט ריידען, לאכען, וויצלען זיך א. ד. ד. פלעגט זי זיך גראָד אוועקזעצען אין א ווינקעל, געצוואונגענערהייט זיך פערטראכטען, און מאכען זיך פאר ראָמאַנטיש־טרויריג און כלומרשט ניט קוקען אויף קיינעם, נאָר אין זיך אינווייניג... אין אזוינע מינוטען איז זי אייגענטליך אונגעוועהנליך געווען, דער סך אבער האָט עס ניט בעמערקט, ביז ליזען פלעגט אומעטיג ווערען דער ווינקעל, און זי פלעגט ־וויע־דער, ווי פאר כעס, זיך אויסמישען אין דעם פערהאַסטען סך...

און דער וועהטאָג איז נאָך גרעסער געווען אין יענע פעלען, ווען צווישען סך פלעגט זיך דאָס רוב איינע געפינען, וואָס האָט זיך יעדען געוואָרפען אין די אויגען און צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט. אין אזוינע מינוטען פלעגט ליזע איהר געוועהנליכקייט טיעפער פיהלען און דער האס צו דער דאָזיגער אונגעוועהנליכער, וועלכער זי אליין האָט אין הארצען איינגאַנצען מבטל געווען, פלעגט זיך צומישען מיט דעם וועהטאָג און דאָס געפיהל איז אונגעוועהנליך געווען. זי אליין איז אבער געוועהנליך געבליבען און צוזאַמען מיט דעם סך אויף ארומגעטאַנצט ארום דער אונגעוועהנליכער, וועלכע איז געווען

שטאָלץ, אָבער גרויסמוטהיג, און פּלעגט דאָס רוב מיט איהר, מיט ליזען, זיך פריינדליך בעגעהן...

* * *

אין דעם קרייז, וואו ליזא האָט זיך געפונען האָט מען בע־שלאָסען צו מאַכען א באָל. איינע א לוסטיגע, פרייליך, מיידעל, ליזא'ס א נאָהנטע פריינדין, האָט געראַטען, אז דער באָל זאָל זיין אין קאָסטיומען.

דער אנטראָג איז אָנגענומען געוואָרען. און ליזע, וועלכע האָט געהאַט שווארצע אויגען און שווארצע האָר, האָט לויט דער עצה פון א נאָהענטער פריינדין, גענומען א קאָסטיום פון א ציגיינערין.

איהרע לאַנגע שווארצע האָר האָט זי ברייט פערנאנדער־געקאַמט און אין כלומרשטדיגער אונאָרדנונג צעוואָרפען אויף די פּלייצעס. אויפ'ן מיטען קאָפּ האָט זי צוגעשפּילעט א בלוט־רויטע, ברייטע סטיינגע, אויסגעזעצט אין געקינסטעלטע ברי־ליאַנטען, וועלכע האָבען געפינקעלט מעהר ווי נאַטירליכע. אי־בער די אקסלען האָט זי איבערגעוואָרפען א רויטע טוך.

אזוי איז זי ערשיענען אויפ'ן באָל... ביי דער גאַרדעראָב האָט זי דערפיהלט, ווי דער גאַרדעראָבער, צוגעהמענדיג ביי איהר דעם מאַנטעל און דערזעהענדיג זי אין איהר קאָסטיום, קוקט אויף איהר מיט גייגעריגע בליקען און שמייכעלט צופריע־דען.

ליזא האָט זיך ווי דערשראָקען און געפרעהט און מיט דעם געמישטען געפיהל איז זי אריין אין זאָל.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט איהר בעגעגענט א גאַנצע מחנה יונגע לייט.

זי האָט זיך אָנפאַנגס פערלאָרען. פון איהר פערווירונג האָט איהר געראַטעוועט א חבר'טע, וועלכע איז צו איהר גלייך צוגעגאַנגען.

— אָוי, ווי שעהן דו ביזט! ווי אינטערעסאַנט!

— מאקי? — האט ליזא נאאיוו געפרעגט און דאס הארץ האט איהר אנגעהויבען צו קלאפען.

— וואונדערליך! זעה, ווי אלע קוקען אויף דיר.
ליזא האט אויפגעהויבען די אויגען און האט זיך בעגעגענט מיט הונדערטער בליקען. זי האט די אויגען געמוזט צוריק אראב־לאזען. באלד איז זי אבער געוועהנט געווארען.
אין א וויילע ארום איז צו איהר צוגענאנגען א יונגער מאן, פון די אונגעוועהנליכע, וועלכער פלעגט איהר ביז אהער קיינ־מאל ניט בעמערקען.
. — איך וויל האבען דאס גליק, פריילין, מיט אייך דער ערשטער צו טאנצען.
און איידער זי האט צייט געהאט צו ענטפערן, איז צוגע־גאנגען נאך איינער, און מיט א ליעבליכען שמייכעל, קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען, האט ער ניט גערעדט, נאר ווי גע־זונגען:
— שעהנע ציניינערין — ערלויבט מיר זיין גליקליך איינ־מאל אין קורצען, נארישען לעבען... ניט ענטזאגען זיי מיר צו טאנצען מיט איהנען דער ערשטער...

— שוין בעשטעלט! — האט דער ערשטער מיט אן ערנסטער, אבער גליקליכער מינע זיך אנגערופען.
זי האט געטאנצט מיט ביידען.ביידע זיינען איהר געווען געפעלען. זיי האבען ביידע אזוי וויך געדריקט זי צום ברוסט, אזוי ליעב געקוקט אין די אויגען, אזוי זיס־שמערצליך גע־דריקט נאכ'ן טאנצען די הענד.
אבער טאנצען פיעל מיט די צוויי האט זי ניט געקענט. עס האבען זי בעשטעלט נאך פיעלע יונגע לייט, מען האט זי געריסען פון שטוהל, וואו זי פלעגט זיך א וויילע צוזעצען אברו־הען...
— אח, ווי שעהן די ציגיינערין איז! ווי אינטערעסאנט!

אזוינע אויסנעשרייען האָבען דערגרייכט צו איהרע אוי־
רען.

זי האָט געוואָלט א מינוט בלייבען רוהיג, בעקלערען איהר
גליק, וואָס האָט איהר אזוי פּלוצלונג, אזוי אונערוואַרטעט, גע־
טראָפען.

מען האָט איהר אָבער ניט געלאָזען.

— איך ביטע, שעהנע ציגיינערין — א וואַלס!

און ווי א וויכער האָט זי זיך געדרעהט אין דעם גרויסען
טאַנץ־זאַל, די רויטע טוך אויף די פּלייצעס זיינען ווי פליגלען
געווען אויסגעשפּרייט און האָבען זי ווי אין לופטען געוואָלט
אויפהייבען; די צעוואָרפענע שווארצע האָר האָבען אין נאָך
מעהר ווילדען ציגיינערישען אונאָרדנונג צעשאָטען זיך אי־
בער'ן פּלייצע און זיך פערפּלאָנטערט אין דער רויטער טוך און
דאָס אלעס האָט ליזען נאָך אונגעוועהנליכער, אינטערעסאנטער
געמאכט.

איינער פון וועלכען ליזע האָט קיינמאָל ניט געוואגט פיעל
צו טראַכטען, האָט זיך איהר אין ליעבע ערקלעהרט און טאַנ־
צענדיג מיט איהר האָט זי געשפּירט, ווי ער קושט איהר בגנבה
איהרע שווארצע האָר, און דער אָטהעם האָט איהר פערכאַפּט
פאַר גליק...

ענדליך איז דאָס פּובליקום אין זאַל שיטערער געוואָרען,
דער זייגער האָט שוין געשלאָגען פיער. עס האָבען זיך געהערט
פיעלע שטימען צו ענדיגען.

ליזע האָט דערפיהלט, ווי באלד ענדיגט זיך עפּעס א גרוי־
סער יום־טוב, וועלכער וועט זיך אפשר קיינמאָל ניט אומקעה־
רען.

זי האָט זיך פערטראַכט.

— אדיע! איז צו איהר צוגעגאַנגען דער אין ליעבע ער־
קלערענדער בעקענטער — א דאַנק פיר דעם פערגעניגען, וואָס
איהר האָט מיר פערשאַפט מיט אייער שעהנעם קאָסטיום...

— אדיע! — האט ליזע זיך געשטארקט צו שמייכלען.
עס האט זיך איהר אבער ניט איינגעגעבען. א וואלקען האט זיך אויף איהר געזיכט אנגערוקט. די רויטע טוך איז ווי בלאסער געווארען...
דער עולם איז זיך ביסלעכווייז צוגאנגען. דער זאל איז לעערער און לעערער געווארען.

* * *

אהיים איז ליזע געקומען מיעד און אויפגערעגט. זי האט זיך געשטעלט ביים שפיעגעל און האט בעטראכט נאך אמאל דעם קאסטיום.
זי האט געקוקט און געקוקט און געוואלט געפינען דעם סוד פון איהר היינטיגען ערפאלג.
זי איז ווירקליך שעהן, ווירקליך אינטערעסאנט אין דעם ציגיינער־קאסטיום. אבער זי קען דאך איהם מארגען ניט אנטהאן. הייסט עס, מארגען ווערט זי ווידער פערוואנדעלט אין דער געוועהנליכער ליזען, עהנליך צו טויזענדער אנדערע.
זי האט אראבגענומען פון קאפ די רויטע מיט די פאלשע ברילאנטען אויסגעשאטענע סטיינגע.
און איהר האט זיך געדאכט, אז דאס נעהמט זי מיט איהרע איינענע הענד אראב דאס גליק..
און זי האט די רויטע סטיינגע צוריק ארויפגעלעגט אויפ'ן קאפ און שטארק צוגעשפילעט.
דאס גליק איז ווידער דא.
ווי אזוי זאל זי איהם אבער פערהאלטען אויף שטענדיג?
זי קען דאך ניט געהן אלע טאג אין א ציגיינער קאסטיום.
זאל זי מארגען אין דעם קאסטיום אויפ'ן גאס ארויסגעהן, וועט מען נאך איהר נאכלויפען...
וואס איז דאס אזוינס? קלערט ליזע. עפיס מאדנע... עפעס שרעקליך.
זי האט שוין דאס גליק געפאקט, זי האט איהם שוין

און דאָך קען זי ניט לאַנג האַלטען איהם.

צופעליגערוויייזע האָט זי געפונען דאָס גליק, איז ער אָבער גאָר אויף איין נאַכט.

ווי פיעל נעכט, לאַנגע, טרויריגע, וועט זי ווידער דאַרפען וואַרטען ביז דאָס גליק וועט ווידער צופעליג קומען.

און וועט ער דען קומען?

ליזען האָט געשווינדעלט...

ניין! דאָס גליק וועט שוין מעהר ניט קומען!

זי האָט מיט דערשראָקענע בליקען גענומען אַרייננדרינגען אין שפּיגעל.

— ווי זאַנדערבאַר, ווי ווילד! מיין גליק ליעגט פערבאָרגען אין אַ ציגיינער־קאָסטיום... אין אַ רויטער סטיינגע, רויטער טוך און צעוואַרפענע האָר...

זי האָט פערקרימט די ליפּען אויף אַ ביטערן שמייכעל.

אַזאַ לייכטעס גליק! און אויך איהם קען איך ניט איינהאַלטען אויף שטענדיג. גאָר עטליכע שעה און צוריק די וואָכעדיגקייט...

ווי קאָמיש און נאַריש...

און מיט כעס האָט ליזע אַראָבגעכאַפּט די רויטע סטיינגע פון קאָפּ, די רויטע טוך פון פּלייצע, און די האָר פערקעמט ווי אַלע מאָל.

— אוועקגעפלויגען דאָס גליק — חאַ—חאַ—חאַ! — האָט זי זיך היסטעריש פונאַנדערגעלאַכט.

ווידער אַ געוועהנליך מיידעל....

## די טאכטער.

— אזוי ווי צו א גוטען אידען, געהט מען צו איהר! אזוי לאכט אין הארצען דער אלטער איד, נאכדעם ווי מען קומט פרעגען זיין טאכטער.

ער וואלט דאס קיינמאל ניט געגלויבט. אז זי, זיין לאה, זאל ווערען אזא „מענש". דעם אמת זאגען, ער אליין האט פון איהר קיינמאל ניט „געהאלטען". אפילו, אז זי האט אבגעגעבען אלע יאהר עקזאמען אויף א קלאס, לערנענדיג זיך אין דער היים מיט אומזיסטע לעהרער (וואס דען, צאהלען וועט ער דער־פאר?) און האט אויף אזא אופן אויסגעהאלטען ביז זעקס קלאסען, איז ער אויך ניט נתפעל געווארען. ער וויל אמאל מיט איהר רעדען וועגען עפעס אן ענין, א מאנסבילשען ענין, פער־שטעהט זי גאר נישט.

— טאטינקע, איך וויים ניט! האקט זי אב.

היינט וואס וועט ער נתפעל ווערען פון איהרע קענט־שאפט?

אבער זיי, די יונגע לייט, האבען קענטיג אן אנדער מיי־נונג פון לאה'ן וועלכע הייסט ביי זיי פערצויגען — „ליזע".

מסתמא ווייסען זיי דאך בעסער! — איראניזירט ער אין געדאנק.

זאגען, זאגט ער איהר קיינמאל גארנישט. זיי קומען צו

איהר. זאָלען זיי קומען. זיי סוד'ן זיך, זאָלען זיי זיך סוד'ן. נאָר אמאָל ווערט איהם פריקרע, איבערהויפּט א שבת, ווען עס קומען אָן פול די שטוב מיט יונגע לייט, צווישען וועלכע א סך פון זיי טראָגען בלוזעס. אָט די בלוזעס שטעכען איהם. מילא א מאנישקע איז נאָך ווי עס איז — היינטיגע צייטען, מען קען אנדערש ניט. ער אליין פלעגט בחור־ווייז געהן אין א שאַל... נאָר מאלע וואָס אמאָל איז געווען!... אבער די בלוזעס, די בלוזעס! שקצים, אמת'ע שקצים. ווען ניט די אויגען זייערע, וואָלט מען גאָר ניט דערקענט, אז זיי זיינען אידען.

אמת, רעדען רעדען זיי דאָס רוב אידיש. דאָס געפעלט איהם אפילו יאָ. אבער זיי האקען אריין ווערטער — ממש תרגום. אמאָל וויל ער אונטערכאפּען זייערן א שמועס — עס איז דאָך טשעקאווע צו זויסען וועגען וואָס רעדען זיי, די היינטיגע. נאָר ער בענעהמט ניט.

— שעהנע יאָהרען! — טראַכט ער — א בלאָט גמרא מיט תוספות מיט מהרשא בין איך יאָ תופס, און זייער'ן א שמועס — ניט...

נאָר דאָס ארט איהם ווי צעהן מאָל גאָר נישט. עס ליגט איהם ניט אפילו אין דער לינקער פּאה זייערע אלע שמועסען. עס פערדריסט איהם נאָר, וואָס זיי זיינען איהם אינגאנצען מבטל: אויסער א גוט מאָרגען, צי א גוט שבת — רעדט מען מיט איהם ניט. „שקצים", — טראַכט ער גוטמוטהיג, וואָס איך האָב פערגעסען, קענט איהר דאָס ניט, וואָרים וואָס איז אינגאנצען אייערע חכמות? אייער מאטעמאטיק? איין שטיקעל „מרידה" אין „זרעים" איז שקולה נעגען אייער גאנצע מאַטעמאַטיק? אי וואָס? לשונות! האָט נאָך רש"י מיט 800 יאָהר צוריק געקענט פראנצויז... און „ציציליזם" איז נאָך אין דער תורה געשטאנען. אזוי האָט ער אליין געלייענט אין „הצפירה"...

אמאָל וואָלט ער אפילו געוואָלט ביי זיי אַ פרעג טהאָן: וואָס הערט זיך? גלאָט אזוי א פרעג טהאָן... אינטערעסירען

אינטערעסירט עס איהם ניט, נאָר א פרעג טהאָן וואָלט ניט גע־שאַדט... היינט געה רעד מיט יונגע לייט, וואָס טראָגען בלו־זעס. עס איז ניט קיין דרך... פאַר איהם פּאַסט עס ניט...

וואָס אמת, איז אמת — דרך־ארץ האָבען זיי. אז ער לעגט זיך צו ווערט שטיל, רעדט מען ממש אויפ׳ן וואונק. דאָס גע־פעלט איהם אפילו יאָ. דרך־ארץ פאַר אן עלטערן איז א גרויסע זאַך!.... נאָר אמאָל פערזיצען זיי זיך שפּעט, ער זעהט בחוש, אז קיין מעריב האָבען זיי ניט געדאַווענט... רייצט דאָס איהם. עס איז דאָך נאַריש, ער ווייס דאָך, אז זיי דאַווענען ניט, נאָר ביי איהם אין שטוב קומט עס איהם אויס פּריקרע. וואָלטען זיי געווען אמת׳ע אידען, וואָלט ער אמאָל געקענט מאַכען א מנין... עס איז א שטיק וועג צום בית־המדרש... אז עס ווערט פינס־טערלעך, צוגעהען זיי זיך ערשט... זי געהט אויך אוועק.

— נאָר נישט... אומשלעפּען זיך מיט יונגע לייט... פּרעג וואָס?... מורמעלט ער דעמאָלט.

אבער טיעף אין הארצען פיהלט ער, אז קיין בייז, חלילה, וועט ניט ארויסקומען, פאַר לאה׳ס עהרליכקייט איז ער ערוב. וואָס איז שייך — יענער ליעגט נאָר אין זינען אנדערע ענינים! פערקעהרט, אמאָל טהוט דאָס איהם הנאה: זיין בתולה געפינט חן אין זייערע אויגען.

„דאָס איז אן ענין" — גלעט ער צופריעדען די באָרד...

קיין נדן צו געבען האָט ער ניט, זי וועט שוין אויסקלוי־בען א חתן, נישקשה...

אי וואָס? אין א בלוזע!

איז ערשטענס, וואו שטעהט דאָס, אז מען טאָר קיין בלוזע ניט טראָגען? און צווייטענס, זיינעם אן אידעם וועט ער היי־סען אויסטהאָן די בלוזע.

ער איז זיכער, אז ער וועט איהם פאָלגען.

וואָרים, וואָס מען זאָל אויף זיי ניט זאָגען — דרך ארץ האָבען זיי.

און אגב — טרייסט ער זיך — קען זי דאָך אויסקלייבען אזא, וואָס געהט אין אַ מאנישקע. פארהאַן אזוינע יונגע לייט אויך. און איינער פון זיי האָט דוקא חשק צו איהר. ער זעהט דאָס מיט די אויגען...

— מען זאָל איהם כאָטש אויך ניט „ארעסטירען"! שרעקט ער זיך. אלע טאָג, אלע טאָג, נעהמט מען איינעם פון זיי צו. פרעג, וואָס טהוען זיי?... בלויז מען שמועסט!...

און זי לויפט שוין אום אַ פערהאַוועטע. „פדיון שבויים!"

— מען זאָל זי חאָטש אויך ניט צונעהמען! — זיפצט ער. ווארום ווען האָט ער אויף דער עלטער? אלע קינדער אין אמעריקא.

דער אויבערשטער זאָל זיך מרחם זיין!...

# אהן ליעבע.

צו וועסנע צייט האט באשקע אויפגענעהט א נייךקלייד, בעקויפט א נייעם הוט, א שירעם, געלע שיך און האט געקוקט דערויף מיט איהרע דונקעלע בענקענדיגע אויגען, ווי אויף עפעס אזוינס, וואס קאן זי ראטעווען...

א גאנצע וואך ארבייט זי אין א פאבריק פון קרוזשעוועס. ביי דער ארבייט פערגעסט זי אביסעל איהר עלענד. אין פאבריק זיינען דא אלערליי מיידלעך, א סך יונגע, פרעהליכע, זינגענדיגע, לאכענדיגע, און געפינענדיג זיך צוזאמען מיט זיי, פערגעסט זי אמאל ווער זי איז און ווי איהר איז. די יונגע לאכען, לאכט זי אויך, אמת ניט אזוי קלינגענדיג; די יונגע זינגען — זינגט זי אויך, אמת מיט ניט אזא העלען קול... אבער מען פיהלט זיך דאך בעסער. אהיים פון דער ארבייט געהט מען צוזאמען ארוים מיט א געלעכטער, מען בעגעגענט זיך מיט ארבייטער פון נאך א פאבריק, מען גיט א שטיף... אמת, ז י מיינט מען אפשר ניט, אבער עס איז פרעהליכער, מען פערגעסט זיך...

קומט אבער דער שבת איז אן אונגליק — שבת איז גאר ניטא, וואו די בענקשאפט אהין צו טהאן. דערהויפט אין די ערשטע שבתים פון פריהלינג.

ערשט דערמאלט ווילט זיך לעבען, גליק און ליעבע! און שבת אין דערפריה טהוט באשקע אן איהר פריהלינגס־

טואלעט; דאָס קלייד ליעגט אויף איהר, ווי אויסגעגאָסען; דער הוט זיצט שטאָלץ און רופענדיג; די געלע שיך אונ־טער דעם לאנגען קלייד ווינקען אזוי חנו׳דיג... אלץ איז שעהן, גלאַט, אויסגעפּרעסט, נאָר דאָס פּנים, דאָס פּנים מאכט זיך פון דאָס אלץ ניט וויסענדיג, און עס ווערט ניט, ניט יונגער, ניט פרישער, ניט גלאַטער, און די ברוסט — ניט פולער, און דאָס אויג — ניט ברענענדיגער.

די קליידער גיי און שימערירענדיג און דאָס פּנים אלט און אָבגעניצט...

און פון די אלע מיידלעך פון פאבריק בלייבט זי שבת נאָר ביי איינער, ביי קיילען, — מיט איהר אין איינע יאָה־רען, פון איינע פּנים׳ער... מיט איינע פערלאנגען...

וואו קומען אהין די יונגע, די פרישע, די פרעהליכע?

ווי די פויגעלעך צופליהען זיי זיך...

און מיט אהר איינציגער חבר׳טע, קיילע, וועלכע קומט צו איהר שבת פריה, נאָכ׳ן טהיי, נעהט זי ארויס אן אויסגע־פוצטע שפּאַציערען.

— וואוהין וועלען מיר געהן, קיילע? — פרעגט זי, אָב־שטעלענדיג זיך ביים טויער.

און קיילע ענטפערט:

— איך וויים וואוהין? קום אין גאָרטען!

און די צוויי חבר׳טעס לאָזען זיך צום גאָרטען. זיי געהען שווייגענדיג: ניטאָ קיין טעמע, חאָטש טהו זיך עפּעס, און דער אומעט וואקסט שוין אין זייערע הערצער.

אין גאָרטען געהען זיי דורך די לאנגע אלעע, וועלכע רוישט מיט שפּאַצירענדע.

— לאָמיר זיך צוזעצען! — זאָגט באשקע, דורכגעהענדיג די לאנגע אלעע הין און צוריק און ניט געפינענדיג דאָס, וואָס זי האָט, דאכט זיך געזוכט....

די חבר'טעס זעצען זיך אנידער אויף א באנק, וואו עס זיצט ביים ברעג א יונגער מאן....

עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז ניט בכיון... עס איז גראד די באנק צו דער האנד אויסגעקומען, זיי מיינען גאר ניט דעם יונגען מאן, גוטער יאהר ווייסט, ווער ער איז... אפשר האט ער שוין גאר א ווייב...

אבער דאס הארץ נאגט און קלעמט, אוןביידע חבר'טעס קענען זיך ניט איינהאלטען, און קוקען אלע ווײלע אויף איהם...

דער יונגער מאן זיצט א ווײלע, הויבט זיך אויף און געהט אוועק...

באשקע און קײלע קוקען זיך איבער ווי בעליידיגט, פאר וואס איז ער עפעס אוועק?

זיי ווייסען זיכער, אז ניט צוליעב זיי איז ער אוועק: מאלע וואס א מענש געהט אוועק, אפשר זיצט ער שוין דא א שעה צי צוויי. און אויך ווייסען זיי זיכער, אז ווען זיי וואלטען געווען יונג און שעהן, וואלט דער דאזיגער יונגער מאן נאך געזעסען, און ווער ווייס? — אפשר אנגעהויבען צו רעדען, צו לאַבען און טאקי בעקאנט געווארען.

און די בענקשאפט וואקסט ביי ביידע חבר'טעס...

— שוין צייט צו געהן עסען, — זאגט ענדליך באשקע.

— יא, שוין צייט, קום! — ענטפערט ביילקע.

און ווי בעליידיגטע געהען זיי ארויס פון גארטען, גאר נישט ריידענדיג צווישען זיך...

נאך מיטאג קומט שוין באשקע צו קײלען, פערפוצט נאך שעהנער, נאך פארזיכטיגער, ווי פריהער, דאס זייגעריל מיט דעם קייטעלע האט זי אויך אנגעטהאן, דאס קייטעלע פינקעלט אזוי שרייענדיג אויף דער איינגעפאלענער ברוסט...

— קום אביסעל! — זאגט באשקע, זעהענדיג קײלען אויך שוין אן אנגעטהאנענע אפילו מיט א בראסלעט אויף דער דאַרער אדעריגער האנד...

— קום! — ענטפערט קיילע ווי אז אבל'טע...

און זיי געהען ארויס און שטעלען זיך ווידער אפ ביים טויער.

— וואוהין וועלען מיר געהן?

— אין גארטען, מיין איך...

— ווידער אין גארטען?...

— וואוהין דען?

— ווייס איך?...

נאר יעצט, קומענדיג אין גארטען, געהען זיי שוין אין אן אנדער אלעע....

— קום, וועלען מיר זיך זעצען אפ דארטען... ווייזט אן באשקע אויף א ווינקעלדיגער לעדיגער באנק.

— קום! — איז קיילע מסכים.

און די צוויי חבר'טעם זעצען זיך אוועק אויף דער איינזאמער באנק.

ווען ניט ווען געהט דורך א פארל. די צוויי חבר'טעם בעגלייטען זיי מיט בליקען, ביז דאס פארל פערשווינדעט...

די באנק ווערט זיי ענדליך נמאס. זאל זיך דאס ווער אויף איהר פרובען צוזעצען!... אלע בענק ארום זיינען אזוי בעזעצט!.....

— קום! — זאגט באשקע, אויפהויבענדיג זיך, ווי בעלעדיגט.

— קום! — ענטפערט קיילע.

און די צוויי חבר'טעם ביימען אזוי די בענק, די אלעען. ביז עס ווערט פינסטערליך, און דער גארטען ווערט פול מיט שפאצירענדע.

— א סאר'אנ'ענגשאפט! — ווערט באשקע ווי בייז.

— א שרעק! — בעשטעטיגט קיילע.

— לאמיר שוין גאר געהן אהיים... — לעגט פאר באשקע.

— פון מיינעטוועגען... — ענטפערט קיילע.

דאָך געהען זיי דורך נאָך א פּאָר אַלעען, זעצען זיך פון אויף נאָך א פּאָר בענק. ביידע פערשטעהען איינע די אנדערע, ביידע ווייסען, אז דאָס וואָס זיי זוכען, וועלען זיי ניט געפינען... אז עס וועט ניט העלפען ניט די נייע קליידער, ניט די נייע גע‏לע שיך, ניט די היט, ניט די קייטעלעך...

ניטאָ קיין ליעבע... ניטאָ, ניטאָ! אָבער עס ווילט זיך ניט אוועקגעהן אהיים, ניט דערפרישט פון איין טראָפּען ליעבע, און מאָרגען אין פאבריק...

עס דאָרט דאָס הארץ... עס דאָרט, עס דאָרט...

און די צוויי חבר׳טעם זוכען די ליעבע, זיי זוכען זי צווי־שען די בוימער, זיי זוכען זי איבער׳ן גאנצען גאָרטען, זיי זו־כען זי ביי טויזענדער שפּאַצירענדע יונגע לייט אין די אויגען. נאָר ניטאָ און ניטאָ!...

מאָרגען וועט מען מוזען געהן אין פאבריק...

אָהן ליעבע...

# פלאמעס.

אהרן שטאנג איז א פריקאזטשיק אין א מאגאזין פון קינ־דערשע שפיעל־צייג אין ווארשוי. אנגעקומען איז ער אין מאגא־זין אלס געהילפ־איינגעל, ווען ער איז אלט געווען 15 יאהר און איז גאר וואס געקומען קיין ווארשוי. אנפאנגס האט ער בעקומען אכט רובעל א חודש און ער האט געלעבט האלב זאט, האלב הונגעריג, אין א יאהר ארום, אז ער האט אנגעהויבען צו נעהמען 12 רובל א חודש, האט ער שוין גענעסען אלע טאג אין א ביליגער רעסטאראציע א מיטאג פאר א גילדען און אויף דער נאכט פלעגט ער עסען דריי זעמעלעך מיט א זיסע גלאז טהעע. נאך שפעטער, אז ער האט בעקומען אן הוספה ביז 20 רובל א חודש, האט ער אנגעהויבען עסען א מיטאג פאר גאנצע 25 קאפיקעס און שבת פלעגט ער עסען פאר 35, אויסער א קליין־שנעפסעלע פאר פינף קאפיקעס, פון וואס דער קאפ פלעגט זיך איהם אביסעל פערדרעהען און ער פלעגט א גאנץ שבת אב־שלאפען ווי א גע'הרג'עטער.

אז זיין געהאלט האט דערגרייכט 30 רובל א חודש, האט ער שוין ברייעה געהאט אנצוהויבען עסען פאר 30 קאפיקעס א מיטאג און ער וואלט עס שוין געווים געטהאן, ווען איהם וואלט ניט איינגעפאלען פלוצים אן אידעע אין קאפ — לאזען זיך נייהען א שווארצען אנצוג פאר גאנצע 40 רובל... ער איז

דאָך שוין עפּעס נים קיין איינגעלע, שוין די העכסטע צייט צו ווערען א מענש!

און דער געדאנק וועגען שווארצען אנצוג האָט זיך ביס־לעכווייז איהם איינגעגעבאַדיעט אין קאָפּ, אז ער לאָזט איהם נים איינשלאָפען צו דער צייט. אלע נעכט, לעגענדיג זיך שלאָפען, פלעגט ער זיך נאָר דארפען איבערקעהרען איין מאָל צום וואנד, א טראכט טהאָן וועגען עפּעס א קליינינקייט און ער פלעגט שוין גלייך אנשלאָפען ווערען — איצט אָבער קלערט ער אב א פּאָר שעה וועגען שווארצען ראָק, וועלכער איז שוין ביי איהם אין פאנטאזיע פארטיג, אפילו מיט די קנעפּ... ער זעהט אפילו הינטען דעם שפּאַלט, און ער בעטראכט זיך מיט רעספּעקט און מיט צופרידענהייט.

ענדליך איז זיין אידעאל דערגרייכט געוואָרען אין דער ווירק־ליכקייט: שפּאָרענדיג א יאָהר נאָכאַנאַנד פון זיין געהאלט, איז איהם געבליבען מזומנים 50 רובל און ער האָט גלייך בעשטעלט ביים בעסטען שניידער א שוואַרצען ראָק מיט שווארצע הויזען. א וועסטעל, האָט ער גערעכענט, וועט ער קויפען א קאָליערטע.

אויף דער קווארטיר, וואו ער וואָהנט שוין דריי יאָהר, האָט ער אלע מאָל וועניג גערעדט און מען האָט איהם דאָרט דער־פאר גערופען „מורלאָ". אז ער האָט זיך געלאָזט מאכען דעם אנצוג, איז ער ווי בערעדטער געוואָרען, פלעגט, קומענדיג אין וואָוענט, אָנהויבען ארומצוגעהן היין און צוריק איבער'ן שטוב, שמייכלען, עפּענען דאָס מויל און פערמאכען, עפּענען און פערמאכען ביז ער האָט קוים ארויסגערעדט, ווענדענדיג זיך צום בעל־הבית:

— איך האָב מיר געלאָזט מאכען א קאָסטיום... א שוואר־צען...

— זאָל איך נאָט העלפען:

— אויף שבת קען זיין פארטיג, האָט ער צוגעגעבען און מאָרגע געשמייכעלט, קוקענדיג אויפ'ן בעל־הבית.

פארטיג איז דער אנצוג ערשט געווארען נאך שבת, — דיענסטאג. דער שניידער צוזאמען מיט א לעהרענ־יונג האט איהם מיט גרויס קוראזש אריינגעטראגען, און אהרן וועלכער איז ספעציעל געקומען צוליעב דעם פון מאגאזין, האט אין גאנצען געשיינט און האט געהאט אן אויסזעהן ווי א גרויסער בעל שמחה.

דער ראק איז געלעגען גלאט, ווי אויסגעגאסען. די שוואר־צע קנעפ האבען זיך אראבגעלאזט אין צוויי רייהען און האבען אויסגעזעהן ווי ערענסטע היטער פון אהרן'ס הארץ, הינטען, דעם שפאלט האט ער בשום אופן ניט געקענט אנקוקען און דאס האט איהם אביסעל געשטערט די שמחה.—

— נו. ווי געפעלט אייך? — האט ער געפרעגט מבינות ביים בעל־הבית.

— ניט שלעכט — גאר ניט שלעכט! — האט דער בעל־הבית געקניימשט דעם שטערען, און נאך א קליינע פויזע האט ער צוגעגעבען:

— אבער מאקע גאר ניט שלעכט!

און עס האט אויסגעוויזען, אז דער בעל־הבית וויל ניט בענוצען דאסווארט „גוט" פאר קיין פאל און ער האט בעסער צוגעגעבען: „גאר ניט שלעכט, אבער מאקע גאר זעהר ניט שלעכט" און צום סוף: „גאנץ ניט שלעכט", און „גוט" האט ער ניט געזאגט.

דעם שניידער האט עס פערדראסען און ער האט זיך אנ־געצונדען:

— וואס הייסט — ניט שלעכט? עס איז דאך גרויסארטיג! איך פערשטעה ניט!...

דאמאלס האט ערשט דער בעל־הבית געגעבען צו פער־שטעהן, אז „גאר ניט שלעכט" הייסט ביי איהם נאך מעהר ווי „גרויסארטיג", אזוי פיהרט ער זיך שוין ביי מיינונגען פון כמה שנים.

אהרן האָט מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט אראָבגעצויגען פון זיך דעם ראָק און געוואָלט ערגעץ אויפהענגען, נאָר דער שניי־דער האָט איהם געזאָגט, אז ער זאָל אויפהענגען אין אַזאַ אָרט, וואו קיין שטויב איז ניטאָ. ווייל „שוואַרץ" האָט זעהר מורא פאַר שטויב — עס ווערט גלייך אַ פּלאַמע.

דערהערענדיג דאָס וואָרט „פלאַמע", האָט אהרן אַ ציטער געטהאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער און האָט מיט גרויס אומרוהיג־קייט געפרעגט:

— וואו־זשע הענגט מען איהם אויף?

ער האָט געוואָרפען צושראָקענע בליקען איבער אַלע פיער ווענד, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס אַ רעטונג פאַר זיין גרויסען פערמעגען, נאָר די אַלע ווענד זיינען ניט געווען גאַראַנטירט פון שטויב און ער האָט אַבגעשטעלט זיינע בליקען אויפ'ן גרוי־סען אַלמער, וואָס איז געשטאַנען ביים בעל־הבית אין מיטען שטוב.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן בעל־הבית, און נאָכדעם ווידער אויף דעם אַלמער, ווי ער וואָלט שטום געבעטען ער־לויבניש.

דער בעל־הבית, ניט קיין איבריג טיעפער מענש, האָט אויפ'ן וואונק גאָר נישט פערשטאַנען.

און אהרן האָט געמוזט אויסדריקען דייטליך זיין בקשה:

— איהר וואָלט אפשר מיר ערלויבט אין אַלמער איהם אריינהענגען?

— מיט אַלע כבוד'ן: האָט דער בעל־הבית ערלויבט—וואָס קען עס מיר שאַדען?

— נו, אין אַלמער, ווי רעכענט איהר, איז עס בעוואָרענט פון שטויב?... — האָט אהרן געפרעגט דעם שניידער.

— וואָס איז שייך צו זאָגען בעוואָרענט?... — האָט דער שניידער, וואָס האָט געהאַט אַ נייגונג צו פילאָזאָפיע, געענט־פערט: אַמאָל קען אַ ראָק הענגען אויף אַ וואַנד און עס קען

אידם ניט שאַרען. און, פאַרקעהרט, אַמאָל קאָן עס העננען אין בעסטען בעהאַלטענעם אָרט, און דו גיסט זיך אַ חאַפּ — דער ראָק איז פול אין פּלאַמעס... מען קען אַמאָל ניט וויסען...

אהרן האָט אין גאַנצען געציטערט אויסהערענדיג דעם שניידערס קאַלטע פילאָזאָפישע רייד; איהם האָט שטאַרק פאַרדראָסען, וואָס דער שניידער, וועלכער נעהמט ביי איהם פאַר גענייהה אליין אַזוי פיעל געלד רעדט מיט אַזאַ גלייכגילטיגקייט וועגען זיין ראָק און וועגען די פּלאַמעס... און כדי דער שניידער זאָל נאָך איהם ניט מעהר סטראַשנע מאַכען, האָט ער איהם איבערגעהאַקט:

— פאַר וואָס זאָל דאָס ווערען פּלאַמעס? איך פאַרשטעה ניט!... פּלאַמעס ווערט פון אַ פעטקייט, אַז מען פאַרגיסט מיט פעטקייט, למשל...

— פעטקייט, פאַרשטעהט זיך, איז פאַר אַ שוואַרצען ראָק אַ הריגה. האָט דער שניידער ווייטער געפילאָזאָפירט: פעטקייט האָט שוין ניט איין שוואַרצען ראָק אַוועקגעקוילעט... נאָר אויסער פעטקייט איז פאַרהאַן געננוג סבות, עס זאָל ווערען פּלאַמעס.... מען דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג!... שטאַרק פאָרזיכטיג!

— אָבער אין אַלמער איז דאָך פאָרט דאָס בעסטע אָרט!

— האָט אהרן ווי פאַרצווייפעלט זיך געבעטען.

— עס פאַרשטעהט זיך! — האָט דער שניידער נאָכגעגעבען: קיין בעסערער אָרט ווי אין אַלמער איז ניטאָ. און אַמאָל איז קיין ראיה ניט — האָט ער באַלד חרטה געהאַט — אַמאָל איז אַזוי אין אַ ריינעם ווינקעל בעסער ווי אין אַלמער... אין אַלמער כאַפּט אַמאָל שימלען... עס טרעפט זעהר אָפט... נאָר מען דאַרף אַ בגד שטענדיג לופטערן...

פון דעם שניידערס אַזוי פיעל השערות איז אהרן צוטומעלט געוואָרען. ער איז געשטאַנען מיט'ן ראָק אין דער האַנד,

נעקוקט אויפ'ן אלמער, די ווענד, אין די אלע פיער ווינק־לען און ניט געקענט אוסקלויבען קיין ארט.

— וואס קלערט איהר אזוי פיעל? — האט זיך שוין דער בעל־הבית ארייגגעמישט: וועט זיין בעשערט, עס זאל ווערען א פלאמע, וועט אומעטום ווערען — אט נעהמט און תעגנט איהם אריין אין אלמער און א סוף...

— אוראי אזוי! — האט דער שניידער מיטגעשטימט.

און אהרן האט מיט א קלאפענדען הארצען אריינגעהאנ־גען דעם ראק אין אלמער.

— געפינט זיך ניט אמאל ביי אייך קיין מיות אין אל־מער? — האט דער שניידער קאלט א פרעג געטהאן.

אהרן איז פאר שרעק שיער ניט אומגעפאלען. איהם האט זיך שוין פארגעשטעלט ווי א מויז האט צוגריזעט דעם ראק... ער האט איהם שוין געוואלט צוריק ארויסכאפען פון אלמער, נאר דער בעל־הבית האט געענטפערט:

— עט, מייז... ווי קומען אהער מייז!

דער ענטפער איז אפילו אחרן'ען ניט אזוי געפעלען, עס איז ניט קיין זיכערער ענטפער. נאר דאך האט ער דעם ראק געלאזט אריינהענגען און בעשלאסען, אז ביי נאכט, קומענדיג פון מאנאזין, וועט ער איהם ארויסנעהמען...

מיט טרייסלענדע הענד האט ער בעצאהלט דעם שניי־דער, נעגעבען דעם לעהרען־איננעל אויף ביער און האט גע־ווארט אויף זייער ברכה.

— נו, א גוטען טאג, פערניצט געזונד! — האט דער שניידער געוואונשען.

און כדי ארויסצואווייזען זיין צופרידענקייט פון מקח, האט ער גערעכענט ניט פאר איבעריג נאך אמאל צו ווארענען:

— זעהט, זייט פארזיכטיג! א שווארצער ראק איז קיין קלייניגקייט ניט! מען דארף זעהר היטען...

און דער שניידער מיט'ן לעהרען־איננעל זיינען ארויס.

לאַזענדיג אהרן'ען אין איינע שרעק, שטעהענדיג ביים אלמער...

אז פלאמעס וועט דער ראָק פריהער צי שפעטער קריי־גען, אין דעם האָט אהרן שוין ניט געצווייפעלט. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער זיך עצות געהאלטען מיט א סך יונגע לייט און סתם מענשען און אויסגעפאָרשט אלערליי סגולות, ווי אזוי מען נעהמט ארויס פלאמעס. פיעלע האָבען איהם געראָטהען נאפט, אנדערע בענזין, אנדערע, ווייטער, האָבען איהם געראָטען אזעלכע מינים זייפען, וואָס ער האָט עס, נאַטירליך, גלייך געקויפט. און מיט א רוהינקייט פון א חכם, וואָס ווייסט, אז די צרה וועט מוזען אנקומען, האָט ער געוואַרט מיט די אלע סגולות אויף דער ערשטער פלאמע...

# אין גאס.

וואס וויל פון מיר האבען, רבונו של עולם, די פרוי מיט די דריי פעקלעך שוועבעלעך אין דער אויסגעשטרעקטער האנד?....

איך קאן זי ניט און וויים זי ניט — איך וויים ניט, וויפיעל זי איז אלט, צי דרייסיג, צי פופציג, צי זיעבעציג יאהר, — איך וויים ניט, צי האט זי א מאן, צי איז זי אן אלמנה, צי א גרושה, צי גאר אן עגונה; איך וויים ניט, צי האט זי קינדער, וואס ווארטען אויף איהר קומען ביי נאכט, אדער זי איז עלענד, ווי די וואנד פון מויער, אן וועלכער זי שטעהט אנגעשפארט? איך וויים ניט אפילו, וואו זי וואהנט, צי אויף דער סמאטשער, צי אויף דער קראכמאלער גאס, צי אין א נאסען קעלער, צי אויף א פינסטערן בוידעם, — איך קאן זי ניט און וויים זי ניט, — הייגט וואס וויל זי פון מיר האבען? וואס צורייסט זי מיר אזוי מיין הארץ, וואס פער'סם'ט זי מיר מיינע געדאנקען און וואס מאכט זי מיר די גאנצע וועלט א פינסטערע? וואס פערלעשט זי מיר די זון, פערשטעלט מיר דעם הימעל? וואס פערטױבט זי מיר אלע פרעהליכע ליעדער, וואס איך וואלט געקענט הערען?

וואס מאכט זי מאוס אלע שעהנע פרויען אין גאס?...

וואס וויל פון מיר האבען, רבונו של עולם, די פרוי מיט די דריי פעקלעך שוועבעלעך פאר א פיערער?...

נו, גוט, איך וועל ביי איהר קויפען דריי פעקלעך שוועבעלעך! איין פעקעל וועל איך אין קעשענע אריינלעגען, א צווייטעם וועל איך אהיים ברענגען און א דריטעם וועל אוועקווארפען — עס איז מיר געגוג 150 איינציגע שוועבעליך פאר פיער גראשען — אבער וועל איך שוין דערפון רוהיגער ווערען. וועט שוין די אידענע פון מיר מעהר גאר נישט פערלאנגען?

נ י י ן!

זי וועט צו מיר אלץ האבען שטומע טענות. מיר וועט אלץ קלינגען אין די אויערן, ווי א געוויין: דריי פעקליך שוועבעליך פאר א פיערער!... און איך וועל אלץ חשבונען, אז אין דריי פעקליך געפינען זיך 450 שטיק, אז די קעסטעלעך האבען געקלעפט ארימע מיידלעך, וואס ארבייטען פאר 2 גילדען א טאג, אז די דרוק זאל זיין ווי געשווינד, האט די באנדעראלען געדרוקט, אז דער קאמיסיאנער... און דער ס"ה פון חשבון קומט אלץ אויס, אז די פרוי וואס שטעהט אין גאס און בעט זיך: דריי פעקלעך שוועבעלעך פאר א פיערער — איז זעהר אן אונגליקליכע, און לאזען זי אזוי ווייטער שטעהן איז אונמעגליך. מען דארף צו איהר צוגעהן, מען דארף ביי איהר פרעגען, ווער זי איז און וואס זי איז, און ניט צוליעב דער הייליגער וויסענשאפט סטאטיסטיק, אום צו מאכען דערפון אן עקאנאמישען ארטיקעל — געהט די וויסענשאפט, מיט דער סטאטיסטיק, מיט דער עקאנאמיע צום טייוועל! פערכאפט זאלען זיי ווערען! מען דארף ביי איהר דאס אלץ פונאנדערפרעגען, ווייל זי איז א מענש, ווייל זי לײדט, ווייל איהר בלוט גיסט זיך אין גאס און קיינער זעהט עס ניט, מען דארף ביי איהר אויספארשען, וואס זי טראגט איבער א טאג, וואס זי האט איהר גאנץ לעבען איבערגעטראגען און מען דארף דאס אויסרופען אין אלע גאסען, אין אלע פרעהליכע ערטער און שרייען: איהר הערט חברה, אין דער און דער גאס שטעהט א אידענע מיט דריי פעקלעך שוועבעלעך אין האנד און פערקויפט עס פאר פיער גראשען; זי איז

זעהר אַן אונגליקליכע, אין איהר לעבען איז איין ליכטיגער שטראהל ניטאָ, לאָמיר זעהן אַ מיטעל דערצו, וואָרים עס איז אונמעגליך צו לעבען אַזוי ווייטער, עס איז פערשטערט אונזער פרייד, איהר קול, וואָס איז, דאַכט זיך, הייזעריג, שרייט העכער פאַר אַלע אונזערע הויכע ליעדער...

און איך, משוגענער, וויל טאַקע שוין צוגעהן צו איהר און מאַכען מיט איהר אַ שמועס, כאַפּט מיך דער טייוועל! — פאַר וועמען האָב איך מורא? — מען וועט לאַכען, זאָל מען לאַכען!

און איך וויל שוין צוגעהן.

דערהער איך עפּעס נאָך אַ קול, וואָס איז גלייך צו איהרען! איך קעהר זיך אָב און דערזעה נעבען זיך אַ בלאַס אינגעל מיט אַ קעסטעלע קאַנווערטען — וואָס וויל ע ר?

— אַכט קאָפּיקעס — אַ מאָה קאַנווערטען, אַכט קאָפּיקעס — אַ מאָה קאַנווערטען!

איך לאָז די פרוי מיט די שוועבעלעך און געה צו צום אינגעל מיט די קאַנווערטען — גרויסע, בלאָהע קאַנווערטען! אַ קאַנווערט דאַרף איך האָב איינעם אין אַ וואָך, נאָר איך קויף, איך מוז קויפען... וואָרים, פערשטעהט איהר מיך, אז דאָס בלאַסע אינגעל זאָל וואַרטען אויף אַ מענשען, וואָס דאַרף טאַקע האָבען אַ גאַנצע מאָה קאַנווערטען, וועט ער, געוויס קיין אָנבייסען ניט אויסוואַרטען...

איצטער אָבער וויים איך ניט, וואָס זאָל איך טהאָן מיט דער אידענע מיט די שוועבעלעך. דאָס אינגעל בעט זיך אויך מיט שטומע בליקען: פאַרשט אוים מיין לעבען! וועסט געפינען גענוג גויט...

מילא, וואָס זאָל איך טהאָן מיט זיי! פערפאַלען — איך וועל איהם אַ פרעג טהאָן!..

רוקט זיך אונטער אַ איד מיט טאַשען־לוחות'לעך... שעהנע טאַשען־לוחות'לעך, קליינע און שעהנע. — אַ מחיה צו קוקען אויף זיי, נאָר וואָס אָבגערוקט, און טייער בעט ער אויף

ניט — א קאפיקע א לות. א שרעקליכער זול...

איך קויף א לות'ל אויף, לאמיך וויסען, ווען געפאלט תשעה באב...

און דער איד איז אויך אלט (און אפשר איז ער יונג— ווער קען פערשטעהן זייערע פנימער) ?... און זיין לעבען דארף אויף א סך דערצעהלען דער וועלט... מען דארף זיך צו איהם אויף א נעהם טהאן...

נאר עס רוקט זיך אונטער א איד סתם און פערקויפט גאר נישט... א איד אהן סחורה... און דער איד קאסט מיר טייערער, ווי יענע מיט די סחורה, זיין אויסגעדארט, אויסגעמוטשעט פנים איז מיר ווערט מעהר פון דער אידענעס פעקלעך שוועבעלעך, פון דעם אינגעלס קאנווערטען און דעם אלטענס לות'ל. איך קען זיך אהן זייערע סחורות בעגעהן. דער איד אבער אהן די סחורה האט אונטער די אויגען אזוינע רעדער, וואס זיי זיינען ווערט פאר יעדען גוטהערציגען מענשען א גריוורגע און אזוי פיעל קאסט עס מיר...

גענוג אבער! איך וועל זיך ניט ארויסדרעהען פון אזוי פיעל אונגליקען, איך קען ניט, איך האב שוין קיין געלד ניט און כ'האב שוין קיין הארץ ניט.

טא קום שוין דו, סטאטיסטיקער, עקאנאמיסט! אפשר דו, מיט דיין הארטען הארצען און קאלטען מח וועסט א מיטעל געפינען.

ביי מיר לאזען זיך שוין די הענד אראב...

# דער קאַרעקטאַר.

שוין אַ יאָהר פינף, זייט ברוך בערנשטיין איז אַ קאַרעק־טאַר אין אַ צייטונג אין וואַרשע. ער איז שוין אָבער אַזוי ווייט אריין אין זיין ארבייט, אַז איהם דאַכט זיך צייטענווייז, אַז ער איז געבוירען געוואָרען אַ קאַרעקטאָר און זיין גאַנץ לעבען בע־שעפטיגט ער זיך מיט פעררוכטען גרייזען.

זיין ארבייט האָט ער זעהר ליעב. און ליעב האָבענדיג זי, לעגט ער אריין אין איהר זיין גאַנצע נשמה. אמת, די ערשטע צייט, נעהמענדיג זיך פאַר אַ שווערער קאַרעקטור, וואו יעדעס וואָרט האָט עטליכע גרייזען, פלעגט ער זעהר בייז און אויפגע־רעגט זיין: „ווי מאַכט מען עס אַן אַזוי פיעל גרייזען, וואו איז זייערע אויגען, זייער קאָפּ?" פלעגט ער מיט כעס מורמלען. ביסלעכווייז אָבער איז ער צו די גרייזען געוואָהנט געוואָרען. און מען קען זאָגען, אַז ער האָט זיי אפילו ליעב בעקומען... פערקעהרט, אַ קאַרעקטור גאָר אָהן פעהלערען פלעגט איהם אר־מעטיג מאַכען און צייטענווייז אפילו שרעקען... און ער פלעגט זיך אנשטרענגען צו געפינען כאָטש אויף יעדער שורה איין גרייז, זאָל מען ניט זאָגען, אַז ער האָט ניט געאַרבייט... ביי אַזעלכע אָהן גרייזען־קאַרעקטורען פלעגען פון איהם שטאַרק אויסשטעהען די „קאַמאַ'ס" און די „טערע'ס", וועלכע ער פלעגט מוישען איינע אויף די אַנדערע, וויסענדיג עפּעס אַן אַלטען

כלל פון אן אלטער גראמאטיק, אז א קאמא ווערט אמאל פערבי־טען, ניט פערלירענדיג דעם זינן, אויף א טערע...

אבער קיין סך אזוינע לייכטע קארעקטורען זיינען ניטא: די ארבייט אין ציימונג איז אן איילענדיגע און גרייזען זיינען דא לרוב. חאטש מאך א בריק, אויסער דעם האט דער חראני־קער א האנדשריפט, אז דער אויבערשטער זאל שומר ומציל זיין, א ב י ת מאכט ער ווי א קוף און א קוף, ווי א ב י ת אזוי, אז לעבען קומט אין דער קארעקטור ארויס לעקען, און בערנשטיין האט פון אזא גרייז בעזונדער א ווילדע הנאה און שמייכעלט פאר זיך אליין:

— יא, יא —לעקען, לעקען...

אזוינע מיני וויציגע גרייזען זיינען כמעט בערנשטיינ׳ס איינציגער צייט־פערטרייב. אויך מאכט איהם פרעהליך און קיצעלט איהם אן איבערגעקעהרטער קרומער צדיק.

— מען האט דיך נעבעך איבערגעקוליעט, פייגעלע מיינס!

— וויצעלט ער זיך, און גיט א פיהר מיט׳ן פען איבער׳ן צו־הרג׳עטען אות, הרג׳עט איהם אין גאנצען אוועק און שטעלט צו ביי דער זייט א דייטליכען שטאלצען קרומען צדיק, און בערנ־שטיין איז שוין זיכער, אז איצט וועט איהם דער זעצער ניט איבערקוליען. און ער נעהמט זיך צו אנדערע גרייזען...

אזוי לעבט זיך בערנשטיין מיט זיינע גרייזען און פיהלט זיך רוהיג און צופרידען. צייטענווייז נאר, ווען דער דיכטער זיננערוויטש דרוקט לכבוד א יום־טוב א ליעדעל, קומט פאר א גרויסע איבערקעהרעניש אין זיין לעבען און זיין נשמה פער־ליערט איהר גלייכגעוויכט. דער דאזיגער דיכטער וויל, ניט אנ־דערש, מאכען אליין די קארעקטור, מורא האבענדיג אויף בערנ־שטיין׳ען צו פערלאזען זיך. בערנשטיין׳ען שטעהט די מעשה שטארק ניט אן. וואס הייסט: דער רעדאקטאר אליין פערלאזט זיך אויף איהם צו קארעזשירען די לייט־ארטיקלען זיינע און קוקט איהם קיין מאל ניט נאך. און ער זיננערוויטש,

האַט אַ ליעדעל סך הכל פון 16 שורות און נאָך אַהן גראַמען דאָס רוב, — געטרויט ער איהם ניט. און אויסער דעם, וויל גלאַט בערנשטיין ניט, אַז עס זאָל זיין נאָך אַ קאָרעקטאָר, וואַרים ער אליין פיהלט גאַנץ גוט, אַז דער זינגעראַוויטש האַט טאַקע אַ טאַלענט צו קאָרעקטור, און ווער ווייס, וואָס עס קען אַמאָל געשעהען? פון די ליעדלעך האָט ער קוים אויף פּאַפּיראַסען, און בערנשטיין'ען דאַכט זיך שטענדיג, אַז זינגעראַוויטש קריכט אויף איהם....

— כ'לעבען... ווענדט ער זיך צו זינגעראַוויטש'ן, ווען יענער דרוקט זיינס אַ ליעד און קומט פרעגען צי איז שוין דאַ אַ קאָרעקטור — כ'לעבען, זינגעראַוויטש, איהר זענט אומגערעכט... איהר קומט מיר שטערען... איך האָב אַזוי פיעל אַרבייט און איהר דולט מיר אַ קאָפּ... וואָס, איך וועל דען ניט אליין קענען אויסקאָרעזשירען די גרייזען אין אייער ליעדעל?

נאָר זינגעראַוויטש איז אַ גרויסער עקשן. זינט אין איין ליעדעל איז אַריינגעפאַלען אַ גרייז אין דעם וואָרט „טרויריג" און עס איז אַרויס טרויעריג, מיט אַן איבעריגער זילבע, אַזוי, אַז דער גאַנצער פערזענמאָס איז געקוילעט געוואָרען. פון יענער צייט אָן מוז ער אליין מאַכען די קאָרעקטור...

— איהר ווייסט ניט — צוקאַכט זיך זינגעראַוויטש פאַר בערנשטיין'ען, — וואָס איך האָב געהאַט פון יענעם ליעדעל... איך האָב אפשר אַ וואָך נאַכאַנאַנד ניט געשלאָפען...

דאַ זעהט שוין בערנשטיין, אַז עס וועט ניט העלפען, — ווערט ער ווייכער און ענטפערט:

— נו, נאַט אייך די קאָרעקטור און מיר וועלען ביידע מאַכען...

— נ י י ן ! נ י י ן ! — שטעהט זינגעראַוויטש שטייף — די קאָרעקטור מוז איך אליין מאַכען, ווייזט זי מיר אַהער.

און בערנשטיין ניט אוועק מיט ציטערענדע הענד אַ לאַנג שטיקעל פּאַפּיער מיט'ן ליעד און זאָגט דערביי:

— אי, פאני זיננעראוויטש — איהר גרייזט... אייך אליין האט מען גערארפט גוט דורכקארעזשירען...

---

12 א זייגער ביי־נאכט ענדיגט בערנשטיין די לעצטע צווייטע קארעקטור און געהט אוועק אהיים.

א צימעריל האט ער אין א אידישער גאס אויף א פיער־טען שטאק. עס איז אפילו הויך ארויפצוגעהן, צייטענוויין ברעכען איהם גוט די קניע, דאך איז ער פון צימערל צופריע־דען. ער וואהנט ביי אלטע לייט, קיין קינדער ניטא. שטיל און רוהיג און דאס האט בערנשטיין ליעב: אמאל מאכט זיך צו נעה־מען א היים א זייטיגע קארעקטור, עפעס אן ערנסטען חיבור. שטערט איהם קיינער ניט, און ער פעררריכט אלע גרייזען, פער־זעהט קיין איין גרייז אויך ניט...

צייטענוויין אבער ווערט איהם אומעטיג. אין צימער ברענט א קליין ליכטעל, דונקעלע שאטענס ליעגען אויף די וועגד און זיין שאטען אליין האט אזא גרויסען מאדנעם קאפ... זיין בליק פאלט אויפ'ן בעטעל, וואו ער געהט זיך באלד לעגען.

דאס בעטעל האט א ווייכען סעניק, אין וועלכען די שטרוי ווערט פינקטליך יעדע צוויי חדשים איבערגעביטען. א קישען האט ער אויך א גאנץ ווייכע. און דאך פאסירט אפט, ווען עס איז איהם הארט און ניט בעקוועם צו ליעגען. דאמאלט ווארפט ער זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, דערמאנט זיך פער־שיעדענע זאכען, לאנג פערשוואונדענע; מאכט א רעכענונג ווי־פיעל ער איז אלט, און דער חשבון קומט אוים ניט קלאהר. אבער עס איז קלאהר. אז ווייט איבער דרייסיג... — ס'איז א גרויסער גרייז — טראכט ער דאמאלסט — וואס איך בעקען זיך ניט מיט עפעס א מיידעל... ס'וואלט שוין צייט געווען צו האבען עפעס, אויסער די גרייזען, א נאהענטען מענשען....

און ער דערמאנט זיך, אז מיט עטליכע יאהר צוריק האט ער זיך יא בעקענט מיט א מיידעל, געווען א גאנץ וואויל־מיידעל.

זי איז צו איהם געווען גאנץ צוגעלאָזט. ער דערמאָנט זיך, אז ער האָט זי איין מאָל אָנגענומען פאר דער האנד, האָט זי זיך געלאָזט... זי איז אפילו רויט געוואָרען... אלמאי איז זי רויט געוואָרען... א סימן, אז זי האָט יע געוואָלט. דאמאָלסט האָט ער איהר געקענט זאָגען, אז ער וויל מיט איהר חתונה האָבען... ער דערמאָנט זיך אָבער, אז ער האָט מורא געהאט. א קליי־ניגקייט חתונה האָבען!!... נאָכדעם קענסטו אזא גרייז ניט פערריכטען — דאָס איז ניט קיין קאָרעקטור...

אָבער ליעגענדיג אליין אין בעט, פיהלט ער חרטה... ער האָט דאמאָלט נעדארפט איהר זאָגען: איך האָב דיך ליעב, דו מיך — דאכט זיך אויך, לאָמיר חתונה האָבען...

— עס איז געווען א גרייז... — זיפצט ער, און קעהרט זיך פון איין זייט, אויף דער צווייטער...

---

שבת איז ער פריי. אין דער פריה געהט ער אין דער דייי־טשעשער שוהל. ניט חלילה צוליעב דאווגען — בערגשטיין איז שוין א יאָהר צעהן א פריי־דענקער — נאָר צוליעב די נגינה. ער הערט דאָס געזאנג פון חאָר און בשעת מעשה קוקט ער אויף די אויפשריפטען אויף די וואנד וועגען גרויסע גבירים, נדבינים, וואָס האָבען געשענקט א סך געלד. אויף א פאָר אויפשריפטען האָט ער שוין לאנג אויסגעפונען א פאָר גרייזען, און יעדען שבת בעטראכט ער זיי אויף דאָס ניי מיט דער זעלבער אויפמערק־זאמקייט ווי דאָס ערשטע מאָל און עס ציהט איהם, ווי א פאר־באָרגענער כח, צו די דאָזיגע אויפשריפטען צו פערריכטען די צוויי גרייזען...

שבת פארנאכט, איבערהויפט זומער, געהט ער שפאצי־רען אויף דער מארשאלקאָווסקי. געהט ער זאלבענאנד, מיט איינעם פון דער רעדאקציע, פיהלט ער זיך גאנץ היימליך. שמו־עסט מיט יענעם וועגען רעדאקציאָנס־אנגעלעגענהייטען, דער־צעהלט איהם וועגען א דרוק־פעהלער, וועגען א גרייז, וואָס ער

האט דורכגעלאזט צוליעב א מארגנער סבה, אין וועלכער ער איז כלל וכלל ניט שולדיג... איז אבער דער דאזיגער חבר פון דער רעדאקציע אוועק מיט אַן אנדערען און בערנשטיין געהט אין דער ווישענדער פרעהליכער גאס אליין, פיהלט ער זיך געפּאַ־לען און נידערגעשלאגען. פערשיעדענע פרעהליכע, לאכעדיגע, פערפוצטע יונגע פּארלעך, ווי קארעקטורען אהן גרייזען, ציהען זיך און טאנצען פאר זיינע אויגען, שטויסען איהם און שטור־פּען איהם און ווילען איהם ניט קענען... און דאמאלט דאכט זיך בערנשטיינ'ען, אז אין דער דאזיגער פרעהליכער לעבעדיגער מחנה איז ער ווי אן ארייגגעפאלענער גרייז, און אַט קומט באלד עפּעס איינער, א געניטער קארעקטאר, וואס פערשטעהט זיך אויף גרייזען, און וועט איבער איהם א שווארצען שטריך אריבערפיהרען און וועט איהם, ווי א גרייז, פון דאנען ארויס־ווארפען...

און בערנשטיין בלאנדזשעט אזוי לאנג מיט שרעק און עלענד איבער דער גאס, ווי א גרויסער גרייז, ביז עס ווערט פינסטער; דאמאלסט דערמאנט ער זיך אין דער רעדאקציע, אז מארגען מוז די נומער פריה ארויסגעהן און ער לאזט זיך לויפען אהין צו מאכען די קארעקטור...

אין א האלב שעה ארום בעקומט ער שוין צוריק זיין געוועה־נענעם שטאלץ, זיין רוהיגקייט, און פערריכט איין גרייז נאך דעם צווייטען.

# דער זשילעט.

קיין סך שטונדען האט דוד פייגין אויף ווינמער נים גע־
האט. דאך די צוויי שטונדען, פאר וועלכע ער האט בעקומען 15
רובל מאנאטליך, און די עטליכע רובל, וואס ער פלעגט דערצו
צובארגען ביי נאהענטע און אמאל ביי וויימע בעקענטע, האַ־
בען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו קענען ווי עס איז עק־
זיסטירען אין דער גרויסער שטאדט. ווי עס איז אבער געקומען
דער ליעבער זומער, וועלכען דוד האט אייגענטליך געווארט,
זיינען די צוויי „לעקציעס" ווי פון דער ווארימקייט צוגאנגען, און
דוד האט זיך די ערשטע טעג פון דעם ליעבען זומער געמוזט ער־
נעהרען מיט קליינע גמלות חסדים, וואס דער גרעסטער פון זיי
איז בעשטאנען פון צעהן קאפיקעס און נאכדעם פון דעם ווינ־
טער־בגד, וועלכען ער האט פערקויפט פאר א רובל, נים
קוקענדיג וואס ער האט אנהויב ווינטער פאר איהם בעצאהלט
אויף דער וואלוועלער גאס פיער רובל.

דעם ווינטער־בגד האט אבער דוד ניך אויפגעגעסען, כאטש
ער האט זעהר געקארגט, קעגען זיין כאראקטער: בארגען איז
אלץ געווארען זעלטענער וואו צו קריעגען, און ער האט אנגע־
הויבען בעטראכטען זיך פון קאפ ביז די פיס, — וואס קען ער
נאך פערקויפען ? נאר ער האט גאר נישט געהאט. אין אמעריקא
האט ער געהערט, געהט מען זומער אהן רעק; אמעריקא איז
אבער א לאנד פון חכמה און פון פרייהייט. דא וועט מען איהם

נאָכלויפען ווען מען וועט איהם בעגעגענען אין גאס אָהן א ראָק. און אָפּטמאָל פלעגט זיך איהם ווען א שטארקער ווערען, פערקויפען דעם ראָק און אויסלאכען זיך פון דער גאַנ־צער וועלט. האָט די וועלט ניט קיין ברויט פאר אַלעמען, דאַרף זי קיין רעק אויך ניט האָבען !... באלד אבער פלעגט א צוויי־טע, מעהר העכערע אידעע אָבשלאָגען די ערשטע: דו נאַר, ווען דו ביזט אזוי שטארק צו שטעלען זיך קעגען א גאנצער וועלט מיט אזוינע שטארקע ארדנונגען און געהן אָהן א ראָק אין גאס, קענסטו דיין שטארקייט אויף אנדערע זאכען בענוצען און דע־מאָלט ווערסטו אפילו א פראַק האָבען און א צילינדער האָ־בען...

און דוד פייגין האָט, נאָך א סך פילאָזאָפירען און גראָב־לעניש, איינגעפונען, אז די צווייטע אידעע איז מעהר גרינדליך, מעהר אמת און מעהר טרויעריג; און מיט א זיפץ האָט ער זיך געמוזט געזעגנען מיט דעם געדאנק צו פערקויפען זיין ראָק, מיט אזא זיפץ, וואָס מען קען נאָר הערען פון יענע מענשען, וועלכע זיינען זיך מיאש פון א העכסטען גליק און האָפען שוין מעהר נים.

און אז ער פלעגט אין דער פריה, ליעגענדיג אין בעט, פאָר וועלכער ער האָט געצאָהלט צעהן גילדען א חודש און איז גע־ווען שולדיג פאר איהם דריי רובל דער בעל־הבית'טע, וואָס האָט איהם פאר רחמנות ערלויבט צו וואָהנען אויף באָרג ביז די צייי־טען וועלען זיך פערבעסערען, — אין דער פריה ליעגענדיג אין בעט און הערענדיג די מוזיק „האַנדעל", „האַנדעל", וואָס האָט אָבגעקלונגען איבער'ן הויף, ווי אן עכאָ: „ברויט" „ברויט", האָט דוד פייגין נאָך אַלץ זיך געגראַבעלט אין די געדאנקען און געזוכט: וואָס קען מען עפּעס פערקויפען און האָבען אויף אָנ־בייסען? פון פיעל קלערען פלעגען זיך ביי איהם די געדאנקען אָנהויבען מישען און אין קאָפּ פלעגט איהם בליצען: דעם ראָק... הויזען... שיך, דאָס העמד... די שויב... און דאַן פלעגט ער

איינגראָבען דעם קאָפּ אין דעם האַרטען קישען און ליעגען פער־צווייפעלט, ביז דער הענדלער פלעגט ענדיגען זיין פריה־מאָר־גען־קאָנצערט פאַר דעם הויף.

נאָר באַלד איז א צווייטער הענדלער אָנגעקומען, — א צווייטער זינגער — און מיט א קול פון אַן עכטען חזן, וואָס האָט פייגינען זיין היים דערמאָהנט, ווידער אָנגעהויבען זיין קאָנצערט געבען, וואָס אויסער פייגינען האָט קיינעם ניט גע־ריהרט, און פייגין האָט ווידער זיך גענומען גראָבלען: וואָס פערקויפט מען? ביז איהם איז איינמאָל איינגעפאַלען — דעם זשילעט פערקויפען.

—האַנדעל! האַנדעל! — האָט געקלונגען איבער'ן הויף.

— זשילעט! זשילעט! — האָט אָבגעקלונגען א בת־קול ביי פייגינען אין געדאַנק.

דאָך קען זיך פייגין ניט בעשליסען צו טהאָן אַזאַ זאַך. דריי טעג וויעגט ער זיך אַהין און אַהער. — צי קען מען אויס־קומען אָהן זשילעט, צי ניט? געדענקען געדענקט ער, אַז זיי־נער א פעטער איז שטענדיג געגאַנגען אָהן א זשילעט. נאָר זיין פעטער, פלעגט ער זיך צוריק דערמאַנען, איז געווען א מלמד, האָט אויף די וועלט געקוקט נאָר פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט: די וועלט איז נאָר א פּאַר־הויז. ער אָבער, פייגין, האַלט יאָ פון דער וועלט. פערקעהרט — דער עיקר איז טאַקע די וועלט. הלואי וואָלט ער נאָר געקענט, וואָלט ער זיך געפּוצט נאָר אין פּאַר־הויז. בלייבט איהם נאָר די פראַגע צו פערענטפערען: צי קען מען נאָך זיין א מענש, ווען מען געהט אום אָהן א זשילעט? ער איז שוין אַלט 25 יאָהר און האָט נאָך ניט געזעהן א מענ־שען געהען אָהן א זשילעט, סיידען יענע, וואָס די וועלט האָט זיי אויסגעשלאָסען, אַרויסגעוואָרפען און צוגעטראָטען מיט'ן פוס. דאָס איז א סכנה! פייגין האָט מורא דערפאַר. ער וויל זיך נאָך ראַנגלען און דערשלאָגען זיך צו עפּעס. ער האָט נאָך איינענטליך האָפנונגען: פערליעבען זיך אין א מיידעל, מיט אַר־

מעטינגע בליקען, מיט בלאַסע באַקען און מיט רעדער" אונטער די אויגען. ער וועט זיך מיט איהר קיינמאָל ניט שיידען. און איהם דאַכט זיך, אַז ווי ער פערקויפט דעם זשילעט, וועט איהם שוין די וועלט אויסשליסען, ארויסוואַרפען און צוטרעטען. אוים דוד פייגין! ער האָט שוין קיין זשילעט ניט! און פון איהם וועט גאַר נישט ווערען.

און ווידער קומען צוגעהן געדאַנקען און מאַכען אַ פּשרה: אמת טאַקע, אָהן אַ זשילעט איז ניט אַזוי מענשליך. דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז יעדער מענש מוז זיין געקליידעט אין הויזען, ראַק זשילעט, נאָר ווער דאַרף עס וויסען, אַז דוד פייגין, אַן אָרימער לעהרער, וואָס געהט שוין אום אַ חודש אַ הונגעריגער, געהט אום אָהן אַ זשילעט? דערויף האָבען דאָך די אַמאָליגע מענשען שכל געהאַט, צי זיי האָבען בנבואה געזעהען, אַז עס וועלען אָנקומען אויף דער וועלט שווערע צייטען און לעהרער וועלען אָהן אוראַקען בלייבען און זיי וועלען נעבעך מוזען פון זיך די זשילעטען פערקויפען, האָבען זיי דעריבער מתקן געווען קנעפּ — קנעפּ פערשטעלען אַלץ. בלייבט נאָר איין חסרון: דוד פייגין איז אַ מענש אַ צוטראַגענער, אַ פערטראַכטער, האָט ער ניט וואָס צו עסען, — איז ער צוטראַגען וועגען עסען; טאָמער שיקט איהם שוין גאָט צו וואָס צו עסען און ער ווערט זאַט אויף אַ צייט, הויבט ער אָן קלערען וועגען ליעבע, וועגען פרויען און וועגען אַנדערע גוטע זאַכען, וואָס זיינען דאָ אויף דער וועלט, ווי לייט זאָגען און ווי אין די ביכער שטעהט. און דעמאָלט קען זיך דער ראָק אַבשפּילען און די גאַנצע וועלט דערוויסט זיך פון דעם שרעקליכען סוד, אַז דוד פייגין געהט אָהן אַ זשילעט.

און די לעצטע השערה האָט דוד'ן אָבגעהאַלטען. נעהמען אויף זיך די אחריות צו געהן שטענדיג פערשפּילעט האָט ער מורא, מען דאַרף דערצו זיין זעהר אַ רוהיגער מענש, אַ בעזאָרגטער פון אַלע זייטען, האָבען שטענדיג וואָס צו עסען, וואָס צו טרינקען און וועגען קיין זאַך ניט קלערען. און צוריק דערמאָנט

זיך דוד פייגין, אז אין די הייסע טעג האט ער בעגעגענט עטלי־
כע יונגע לייט אהן זשילעטען און אין פונאנדערגעשפּילעטע רעק.
און דוקא פון די גרויסע פּראנטען. אמת, זיי טראגען ספּעציעל
אזעלכע העמדער, די הויזען זיינען ספּעציעל פערגארטעלט מיט
אזא מין ברייטען גארטעל, — ער אבער קען ניט שטאלצירען
מיט דער קלארקייט פון זיין העמד און מיט דעם גארטעל. זיין
העמד און אפילו די „ווייסע" מאנישקע האבען געמענט האבען
אזא מין זשילעט וואס זאל זיך פערשפּילען ביז ארויף מיט
קנעפּ. וואס אנבעטרעפט זיין גארטעל, בעשטעהט ער אין גאנ־
צען פון א דינעם שטריקעלע, מיט וועלכען ס'האט זיך שוין
עטליכע סבות געטראפען און האט שטענדיג געפּלאצט אין גאס
און דוד פייגין פלעגט מיט שרעק דורכלויפען די רוישענדע
גאס און ארייגחאפּען זיך ערגעץ אין א שטילען הויף, וואו ער
האט דארט געמוזט א רעפּעראציע מאכען, און איבער דעם איז
דאס שטריקעלע אין עטליכע קניפּלעך און איז דערפאר די לעצ־
טע צייט געגונג שטארק.

אבער קיין גרויסער גוואלד קענען דער וועלט צו געהן
זומער אין א זשילעט איז שוין ניט, ווי באלד ער געדענקט
אליין, אז ער האט בעגעגענט אזעלכעס. ער וועט טאקע געהן
שטענדיג דעם ראק פערשפּיעלעט, ער וועט זיך ווי ווייט מעגליך
איז, היטען, נאר טאמער וועט זיך אמאל טרעפען פארט א
סבה, א מענש איז דאך ניט קיין מלאך, איז אויך ניט קיין
גרויסע סכנה, ווי באלד אז עס געפינען זיך מענשען, וואס גע־
העז אזוי, און דוקא פּראנטען.

און דוד פייגין בעשליסט אם ענדע צו פערקויפען זיין
זשילעט.

---

בעשליסען איז גרינג, ווי אזוי אבער פיהרט מען דורך
אזא פּלאן? דער זשילעט איז טאקע זיינער אן אייגענער, ער
האט רעכט צו טראגען איהם פראנק און פריי איבער דער גאס

און אפילו אויסשרייען: ווער קויפט א זשילעט!" בפרט אריינ־רופען א הענדלער אין שטוב, וואס דאס איז געווים קיין סכנה ניט. עס איז אבער א מורא פאר דער בעל־הבית׳טע, וועלכע וועט, ווער ווייסט ווי פערוואונדערט איהם אנקוקען, דערזעהענ־דיג וואס ער וויל פערקויפען, ווארים נאך אלע השערות און נאך אלע קולא׳ס, און נאך אלע הכשרים וואס פייניו געפינט, אז מען קען יא דעם זשילעט פערקויפען, האט ער פארט מורא, אז די אידעע איז צו שטארק, צו ראדיקאל. עפעס האט ער פארט קיינמאל ניט געהערט, אז א מענש זאל א זשילעט פערקויפען... ניט האבען לכתחילה קיין זשילעט טרעפט יא, אבער אז מען האט שוין יא, פערקויפען זי, קען זיין איז אפשר זעהר ווילד און אי די בעל־הבית׳טע, אי דער הענדלער, וואס וויל אפילו יא קויי־פען, וועלען איהם פאר משוגע בעטראכטען, און דעמאלט איז אוים אלע זיינע האפענונגען!...

דער געדאנק ווארפט איהם אריין אין א ים שרעק און זיין נשמה טרענקט זיך. פאר משוגע וועלען ציטערט ער זיין גאנץ לעבען, ד. ה. זינט ער איז צו זיין שכל געקומען... און ווען ער זעהט אין גאס א משוגענעם, בעגלייט פון קליינע קינ־דער און גרויסע נארען, פיהלט ער אז ער פאלט פאר שרעק און פאר כעס, און דער שרעק לאזט איהם קיינמאל ניט פערטהייי־דיגען דעם אומגליקליכען משוגענעם פון דער ווילדער באנדע און ארויספאלען אויף זיי מיט קלעפ און קולות: איהר זענט אליין משוגעים, וואס לויפט איהר נאך? איהם דאכט זיך דע־מאלט, אז די ווילדע באנדע וועט לאזען יענעם און זיך נעה־מען צו איהם.

בלייבט שוין ביי פייניגען, אז ער וועט ניט פערקויפען, און זאלען הונדערט הענדלער זינגען פאר איין מאל: „האנדעל", „האנדעל" און זאל זיין הונגער זיך פערשטארקען נאך מעהר, זאל דער הונגער נאך מעהר מאטערען, — זאל ער איהם אפילו דעם טוידט ברענגען — דעם זשילעט פערקויפט ער ניט. ניט

נאָר ער פערקויפט ניט, ער פערגעסט זיך אפילו, אז עס עקזיס־טירט אויף דער וועלט אזא מין בגד, וואָס הייסט מיט דעם נאָמען „זשילעט". ער וועט זיך אַנטהאָן, ארויסגעהן אין גאס און קריגען אפשר וואו בּאָרגען עטליכע קאָפּיקעס. די וועלט איז נאָך ניט אזוי שלעכט, ווי ער מיינט. ער איז פאר צרות און הונגער די לעצטע צייט מיזאַנטראָפּיש געשטימט, עס איז אָבער פאלש, פארהאן גוטע מענשען אויך. מען דארף נאָר גלויבען!

און דוד פייגין שטארקט זיך צו גלויבען און געהט ארויס אין גאס. נאָר דער געדויש און גערודער פון גאס פון איין זייט, דער הונגער פון דער צווייטער זייט טוידטעט זיין גלויבען און ער ווייסט ניט צו וועמען צו ווענדען זיך און דער געדאנק צו פערקויפען דעם זשילעט קוממט צו איהם ווידער.

ער קעהרט זיך אום צוריק אויף זיין קוואַרטיר און בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב, ניט וויסענדיג וואָס צו זאָגען. די בעל־הבית׳טע וועלכע איז איינע אליין אין שטוב, קוקט אויף איהם און דריקט מיט די פּלייצעס.

אויפ׳ן הויף זינגט א הענדלער.

— אָבער א גאַנצען טאָג געהען זיי אום! — א גאַנצען טאָג! — ווענדט ער זיך פּלוצים צו דער בעל־הבית׳טע און זיין שטים ציטערט.

— ווער? — פרעגט די בעל־הבית׳טע.

— איך מיין די הענדלער, — ענטפערט פייגין און קוקט אויף איהר און וויל הערען איהר מיינונג וועגען הענדלער בכלל.

— נו, וואָס זאָלען זיי טהאָן? — ענטפערט די בעל־הבית־טע.

— מיר איז א חדוש, וואָס זיי שרייען און קיינער פערקויפט זיי גאָר ניט. אזא הויף!

— וואָס זאָל מען זיי פערקויפען? — זאָגט די בעל־

הבית׳מע קאלט — אין בעל־הבתישקייט קומט אליץ צוניץ.

— נו, אמאל מאכט זיך אן אלטווארג, א פאר הויזן, א זשילעט...

— א זשילעט ? — פערוואונדערט זי זיך.

פייגין ווערט דערשראקען און בלייבט שטום. די בעל־הבית׳מע נעהמט זיך צו א טעפעל וואשען, א נייער הענדלער מיט א גראבען קול זינגט: „האנדעל“, „האנדעל“...

# קרובים.

1.

נאָך קינד־ווייז האָט גרשון געהערט אָפט זיין מאמען רע־דען וועגען איהר שוועסטער־קינד באשע, וואָס וואוינט אין דער גרויסער שטאָדט. ווער רעדט, אז די מאַמע איז אמאָל געפאָה־רען אין דער גרויסער שטאָדט צו א דאָקטאָר, האָט זי, צוריק קו־מענדיג, באשען פון מויל ניט ארויסגעלאָזט: ביי באשען האָט זי געגעסען, ביי באשען האָט זי געשלאָפען, באשע איז מיט איהר צום דאָקטאָר געגאנגען, באשע האָט איהר אויסגעבארגט א פער־טעלע, וואָס עס האָט איהר געפעהלט צו א בילעט, און אזוי אָהן א סוף. הערענדיג אזוי אָפט באשעס נאָמען אין שטוב, האָט גרשון געהאט א פאָרשטעלונג, אז באשע איז די בעסטע. די קלוגסטע און די רייכסטע אין דער וועלט. און אויך האָט זיך איהם געדאכט, אז באשע איז א הויכע, געהט ריין אָנגעטהאָן און אז זי רעדט שמייכעלט זי, אזוי ווי יאַכע די גבאי'טע, וואָס געהט שטענדיג „צונויפמאכען„ פאר ארימע קינפעטאָרינס.

זייענדיג אזוי שטארק צופריעדען מיט באשען, האָט גרשונ'ען נאָר איין זאך פערדראָסען: באשע איז זיינע אין גרונד גענומען ניט גאָר קיין נאָהענטע קרובה—סך הכל א גליעד־שוועסטער־קינד. ווי גוט וואָלט געווען, למשל, ווען באשע וואָלט געווען דער מאַמעס א פלימעניצע, וואָלט זי געווען זיינע טאָקע

אן אמת'ע שוועסטערקינד. אט וואָלט געווען נאָהענט! פון דעסטוועגן האָט גרשון זיך אַזוי אויך געהאַלטען מיט באַשען פאַר אַ נאָהענטען קרוב. ווייל עס איז אַ סברא, אַז דער מאַמעס אַ שוועסטער־קינד איז זיינע מעהר ווי אַ גליעד־שוועסטער־קינד, נאָר אַ שני בשלישי. אַט מיט באַשעס קינדער איז ער שוין גליעד־שוועסטער־קינדער. אַז ער וועט ווען עס איז חתונה האָבען און באַשעס קינדער וועלען חתונה האָבען וועלען באַשעס קינדער מיט זיינע קינדער שוין זיין גאָר ווייטע קרובים — גליעד־גליעד־שוועסטער־קינדער! נאָר וואָס דאַרף ער אַזוי ווייט בעזאָרגען. ער אליין אָבער איז באַשעם אַ שני בשלישי, כמעט אַ שוועסטער־קינד...

אַז גרשון איז אַלט געוואָרען 17 יאָהר אַזן האָט שוין געקענט „גוט" לערנען און אַ ביסעל רוסיש, און דערצו אַלע פיער חשבונות מיט פּודען, פונטען, לויטען, זאָלאָטניקעס און געקענט אויסרעכענען ווי פיעל סעקונדעס איז פאַרהאַן אין אַ יאָהר און נאָך אַזוינע קונציגע חשבונות, מיט וועלכע די לעהרער אין שטעדטעל פלעגען עקזאַמינירען זייערע תלמידים, — האָט מען גענומען זוכען פאַר איהם אַ תכלית. בעלי־מלאכות זיינען שוין דאַן געווען אין מאָדע, אַפּילע דעם שטעדטילשען רב'ס אַן איניקעל האָט זיך געלערנט פאַר אַ זייגער־מאַכער און דאָס האָט שטאַרק געווירקט, אַז מען זאָל אויף אַ בעל־מלאכה שעהנער קוקען, פון דעסטוועגען האָט טאַטע־מאַמע זייער גרשון'ען פאַר אַ בעל־מלאכה ניט געוואָלט מאַכען. ערשטענס איז ער געווען שוואַך אין געזונד און צווייטענס איז ער שוין אַרויס פון די יאָהרען. צו אַ בעל־מלאכה אָבגעבען איז גוט אַז מ'איז אַלט 14 — 15 יאָהר אָבער ניט א בחור פון 17 יאָהר. אַזאַ בחור מיט אַביסעל רוסיש און אַזאַ „בעל־חשבון" (אַזוי האָט דער טאַטע געהאַלטען) קאָן טויגען נאָר אין אַ קראָם פאַר אַ „פּאָמאָטשניק בוכהאַלטער". אָדער אַזוי צו פערשרייבען אין בוך... אָבער אַזוי ווי אין שטעדטעל פיהרט יעדער קרעמער זיין „בוך"

אליין אהן „פאמאטשניק בוכהאלטערס", איז ביים מאטען־מא־מען געבליעבען א פלאן שיקען איהם אין גרויסער שטאדט, בפרט אז ער האט דארטען אזא קרובה — באשע.

און אין א רעגענדיגען פריהמארגען נאך סוכות איז גרשון ארויסגעפאהרען אין דער גרויסער שטאדט.

פון שטעדטעל אין דער גרויסער שטאדט איז אפילו נע־גאנגען די אייזענבאהן און א בילעט האט געקאסט פיער גילדען מיט 2 קאפיקעס. אבער פון שטעדטעל פלעגען אין דער גרוי־סער שטאדט אויך פאהרען בעלי־עגלות, מיט וועלכע עס האט געקאסט דאס פאהרען נאר א פערטעלע פון א פערשוין און פאר אזא איננעל, ווי גרשון — בלויז א גילדען, ווייל אזא אינ־געל פאהרט ניט, נאר ער „פאהרט אונטער".

געזעסען איז ער אפילו אין בויד. נאר אזוי ווי דאס פאהרען האט געדויערט כמעט א מעת־לעת און דער רעגען האט די גאנצע צייט געגאסען, איז גרשון געקומען אין דער גרוי־סער שטאדט א נאסער און א דערפרארענער.

---

געקומען אין דער גרויסער שטאדט, איז דער בעל־עגלה פערפאהרען אויף דער אכסניא, וואס האט געטראגען דעם נאמען פון גרשון'ס שטעדטעל. אבער אז גרשון איז אראב אויפ'ן הויף און האט זיך אומגעקוקט אויף די גרויסע הייזער וואס אין הויף און אויף די פיעלע נייע מענשען וואס האבען זיך דארט ארומגעדרעהט, האט ער זיך דערפיהלט אן עלענדער און א פרעמדער און אפילו דער בעל־עגלה, וועלכער איז זייערער א נאהענטער שכן, האט איהם אויך אויסגעוויזען פרעמד און בייז, און זיין הארץ האט דורכגענומען א קלעמעניש און א בענ־קעניש...

אז דער בעל־עגלה זיינער איז אריין אין דער אכסניא, האט גרשון, נעהמענדיג דאס קעסטעל, איהם נאכגעגאנגען. חאטש ער האט ניט געוואוסט, צו וועמען און צי מעג ער — עס איז דאך

א פרעמדע שטוב. ער איז ד א ך  אריינגעגאנגען און האט דאס קעסטעל אוועקגעשטעלט נעבען טיש.

— ניין, זוהניע! דא איז ניט קיין ארט פאר א קעסטעל. איך האב בילכערע אורחים...

דאס איז געווען דער ערשטער ברוך־הבא פון דער בעל־הבית'טע פון דער אכסניא.

גרשון האט א דערשראקענער אויפגעהויבען דאס קעסטעל און ניט געוואוסט, וואו אוועקצושטעלען עס; ער האט נאר גע־קוקט מיט בעטענדיגע בליקען אויף דעם בעל־עגלה וואס האט איהם געבראכט.

— גו, בחור'ל — האט זיך דער בעל־עגלה צו איהם גע־ווענדט אביסעל היימיש — דא איז פאר דיר קיין ארט ניטא... דא, ברודער־לעבען, קאסט געלד... האסט דאך ערגעץ א קרובה... געה זוך זי אויף און וועסט דארטען שוין זיין. זי וואוינט אויפ'ן „וואל", ניט ווייט... ביי שמואל דעם שוחט אין הויז, וועסט פרעגען, וועט מען דיר ווייזען....

דערהערט דאס ווארט קרובה, האט זיך גרשון דערמאנט אן באשע, אן זיין שני בשלישי, און א ווארעמער שטראם האט דורכגעפלייצט דורך זיינע גליעדער.

און פערגעסענדיג, צי ניט וועלענדיג זיך אבזעגענען מיט'ן בעל־עגלה, איז גרשון ארויס אויפ'ן גאס און א פערטיל־שעה נאכאנאנד האט אין דער רוישענדער שווערער גרוים־שטאדטי־גע לופט געקלונגען א שטילע פראגע פון א בלייכען, דערשרא־קענעם אינגעל:

„ווי געהט מען דא אויף דעם „וואל"? „שמואל דעם שוחט'ס הויז"?

אריינקומענדיג אין דעם גרויסען הויף פון שמואל דעם שוחט, האט גרשונ'ען א בליץ געטהאן פון א פענסטער צוויי אויגען פון א הויכער רייכגעקליידעטער אידענע. „דאס איז באַ־שע"! האט איהם א קלונג געטהאן אין קאפ, און ער האט זיך

גלייך געלאָזט געהן צו יענער ווייסער טיר, וואָס איז געווען נעבען דעם פענסטער, פון וואַנען די הויכע רייכגעקליידעטע אידענע האָט ארויסגעקוקט.

צוקומענדיג צו דער טיר וועלכע האָט זיך געלאָזט פאַרט עפענען, האָט ער פאַר גרויס אויפרעגונג, וואָס אָט אָט באלד איז ער ביי זיי שני־בשלישי באשע, אנגעהויבען קלאפען מיט אלע זיינע כחות. באלד האָט ער זיך אָבער אליין איבערגעשראָקען פאַר זיינע קלעפּ: ווער וויים וואָס ער האָט אָנגעמאכט! די טיר האָט עמיצער געעפענט און ער האָט פאַר זיך דערזעהען די הויכע רייכאָנגעטהוענע אידענע מיט א בייזען בליק:

— וואָס קלאפּט איהר! — האָט זי געשריען — וועמען דאַרפט איהר?

און איידער ער האָט געענטפערט איז שוין אין דער אָפען־נער טיר געשטאַנען עטליכע קינדער גרעסערע און קלענערע. און גרשון'ען האָט געקלונגען אין קאָפּ: באשעס קינדער, זיינע בליעדר־שוועסטער־קינדער!... און אַן ערמונטערטער פון דעם געדאַנק האָט ער צוהיצט ארויסגערעדט:

— איך דארף באשען... מיינע א שוועסטער־קינד...

אנשטאַט אַן ענטפער, אנשטאָט „א סאר א גאסט!" וואָס ער האָט אויך זיכער ערוואַרטעט, האָט ער דערהערט א הילכי־גען געלעכטער פון די קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער אָפענער טיר און א בייזען ענטפער פון דער אידענע:

— ניטאָ דאָ קיין באשע... שלים'מזל איינער... און וויע־דער א געלעכטער פון די קינדער און נאָכדעם א האַק מיט'ן טהיר...

און גרשון האָט זיך ערשט דערפיהלט עלענד, אָבער ער האָט ניט פערגעסען גאָט צו דאַנקען, וואָס דאָס איז ניט באשע, זיין שני־בשלישי... אזא שלעכטע, אזא בייזע...

און ער איז נעגאַנגען איבער'ן הויף און געזוכט די אמת'ע באשע, זיין קרובה, וואָס איז אזא הייסע, אזא גוטע.

נאָר אין די אויערן האָט איהם געקלונגען דאָס געלעכטער פון די קינדער און „ניטאָ דאָ קיין באַשע" פון דער אידענע. און עס האָט איהם עפּעס געשראָקען...

איבערטאָפּענדיג, שוין פאַרזיכטיגער, נאָך אַ צעהנדליג דירות און אָנהערענדיג זיך זידלערייען און בעליידיגונגען, איז אין אַ האַלב שעה ארום גרשון אריין אין אַ נידריג הייזעל אין ווינקעל־הויף און זייענדיג זיכער, אז דאָ איז דאָס געוויס ניט, האָט ער דאָך אַ פרעג געטהאָן ביי אַ נידריגער איינפאַך געקליידעטער אידענע מיט אַ פערזאָרגט פּנים: וואו וואָהנט דאָ באַשע?

— אויף וואָס דאַרפסטו זי? — האָט די אידינע אויסגעשטעלט פאַרשעמט די אויגען און געקוקט ווי מיט שרעק און חשד.

— זי איז אונזערע אַ קרובה...

— וועמעס ביזטו? — האָט די אידענע געפרעגט און ניט אראָבגענומען די אויגען פון איהם און פון דעם קעסטעל, וואָס ער האָט געהאַלטען אין די הענד.

— איך בין חייענעס, פון ביערנאָווקע...

— דאָס בין איך, — האָט די אידענע קאַלט געענטפערט — שטעל אנידער דאָס קעסטעל. וואָס טהוסטו דאָ?

גרשון איז אַזוי מבולבל געוואָרען דערהערענדיג, אז אָט די נידעריגע, אָרים־געקליידעטע אידענע איז דאָס טאַקע באַשע, פון וועלכער ער האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעהערט און צו וועלכער עס האָט איהם אַזוי געצויגען, — אַזוי מבולבל געוואָרען, אז ער האָט ניט געקאָנט ענטפערן און איז נאָר געשטאַנען און געקוקט, ווי ער וואָלט וועלען פרעגען:

— זענט איהר טאַקע באַשע: פאַר וואָס זענט איהר אַזאַ נידעריגע?...

---

אין א ווײַלע ארום האָט באַשע איהם אריינגעפיהרט אין שטוב. ארום טיש זיינען געזעסען דריי קינדער, צוויי מיידעלעך און א בחור'ל אין גרשונ'ס יאָהרען. זיי האָבען אויף איהם אויסגעשטעלט מאָדנע פערוואונדערט די אויגען און איין מיידעל האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט:

— מאַמע, ווער איז דאָס?

— אונזערער א קרוב... חייענעס פון ביערנאַוואָקע.

די קינדער האָבען זיך איבערגעקוקט און באַלד אָנגענומען זייער פריהערדיגע פּאָזע, ווי קיין גרשון וואָלט ניט נאָר ביי זיי אין שטוב, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט ניט געוועזן.

גרשון האָט אויף זיי געקוקט און גע'חשבונ'ט זיין אלטען חשבון:

זיינע קינדער ווען עס איז און זייערע קינדער ווען עס איז וועלען זיין גליַיד־גליַיד שוועסטער קינדער. „ווייטע קרובים!" האָט ער א זיפץ געטהאָן, פּיהלענדיג, אז אויך זיי און אפילו באַשע די „שני־בשלישי" אליין איז איהם עפּעס ווייט און פרעמד, און דערמאָנענדיג זיך, אז זי האָט זיין מאַמען געליהען א פּערטעלע צו א בילעט, האָט ער זיך מאָדנע געוואונדערט און ניט געגלויבט.

— וואַש זיך עסען! — האָט איהם פּלוצים איבערגעשלאָגען זיינע מחשבות באַשעס קול.

נאָר אויף די נאָסטפריינדליכקייט האָט איהם פרעמד געקלונגען. געוועזן איז גרשון הונגעריג, נאָר געגאַנגען איז ער זיך וואַשען, ניט צוליעב דעם עסען, נאָר צו פאָלגען, וואָס די פרעמדע אידענע הייסט.

אז ער האָט זיך געזעצט עסען און גענומען דעם ערשטען ביסען אין מויל, איז אין פאָר־הויז עמיצער אריין. א מיידעל, גרשונ'ס א גליַיד־שוועסטער קינד, איז צו איהם ארויס, איז צוריק אריין און געזאָגט:

— מאַמע, אַ אָרימאַן איז אריין.

— זאָג איהם, ניטאָ וואָס צו געבען.
און פאַר זיך האָט זי אונטערגעברומט:
— איך האָב איינגענע אָרימע לייט...
גרשון האָט עס דערהערט און האָט זיך געוואָרנען מיט'ן ביסען...

# דער הונד

פון וואנען ער האט זיך גענומען, האט מען ניט געוואוסט. אין א ליכטיגען זומער פריה־מארגען האבען די בעל־בתים פון אלטען בית מדרש דערזעהן צווישען די עטליכע שטערטעלשע קונדיסים, א אינגעל פון א יאהר פונפצעהן, אן אבגעריסענעם, אן אבגעשליסענעם, מיט צושויבערטע האר אונטער'ן היטעל און מיט א צודראפעטען פנים.

— שוין א נייער העכט! — האט זיך געקרימט, קוקענדיג אויף איהם ר' חנא פעשעס, קומענדיג אין דער פריה דאווענען און דערזעהענדיג איהם — ווער ביזטו?

— א טאטענס מיט א מאמעס! — האט דאס אינגעל שפאטיש אבגעענטפערט און האט זיך מיט'ן גאנצען גוף א קראץ געטהאן.

— טפו! — האט ר' חנא אויסגעשפיגען און איז אוועק צו זיין „שטאדט".

די איבעריגע קונדיסים האבען איהם לכתחילה אויף טרוקען צוגענומען. אז זיי האבען אבער זיך מיט איהם א „פרוב" געטהאן אין „איינלעגען זיך", און ער האט א פאר פון זיי גלייך א ווארף געטהאן אויף דער ערד, האט איינער פון זיי, געציל דער „קרופעניצעס" ערנסט זיך אנגערופען:

— ביזט געזונד!

— א יון! — האט פייוועל „קוליע“ אונטערגעהאַלטען.

די איבעריגע קונדיסים האבען זיך צוגערוקט און בע־טראכט דעם „נייעם“ מיט דרך־ארץ׳דיגע בליקען.

— ביזט ניט קיין היענער, הא? — האט איהם געציל דער קרופעניצעס א פרעג געטהאן.

— ניין! — האט ער טרוקען און ניט גערן געענטפערט.

— פון וואנען?

— פון קלעצק.

— קלעצקער גנבים! — האט איינער זיך אנגערופען.

— עהרליכער ווי די היענע אידען! — האט זיך דער נייער מיט כעס אנגערופען.

— דו האסט א טאטען מיט א מאמען? — האט מען איהם ווייטער געפרעגט.

— ניין!

— וואס וועסטו דא טהאן?

— איך וועל מיין שטערטעל בעשטעהן! — האט ער שטאלץ געענטפערט, ווי א גרויסער, דערוואקסענער מענש, און א בלינצעל געטהאן מיט די אויגען.

מעהר האבען פון איהם די שטערטעלשע קונדיסים די עשרטע צייט ניט דערגאנגען.

שפעטער, אין א פאר וואכען ארום, אז ער איז נעהנטער בעקאנט געווארען מיט געציל קרופעניצעס, און האט ביי איהם גענומען דריי „ציה“ פון פאפיראס, וואס געציל האט גערווי־בערט, האט ער דערצעהלט זיי אזא מעשה:

— איך בין דא אהער געקומען צו פוס...

— אזש פון קלעצק? — האט „חברה“ זיך פערוואונ־דערט.

— אויף א געשעפט — האט ער זיך בעריהמט, גיב נאך א ציה — געציל — און ער האט אויסגעצווינגען די האנד.

געציל האט איהם צוגעטראגען צום מויל דעם פאפיראס,

ניט טרויערנדיג איהם פון דער האנד. דער נייער קונדס האט א ציה געטהאן מיט אלע כחות.

— אבער א „ציה“ האסטו געטהאן! — האט זיך געציל פערקרימט — דעם גאנצען פאפיראס האסטו אויסגערויכערט.

— נישקשה — אז איך וועל קריגען, וועל איך דיר אויך געבען. איך זשאלעווע ניט.

— א קבצן איז א בעל צדקה! — האט זיך איינער גע־וויצעלט.

— אנטלאפען בין איך פאר אזא מעשה — האט דער „נייער“ פארטגעזעצט זיין ביאגראפיע — אז מיין טאטע איז געשטארבען...

— און א מאמען האסטו? — האט מען איהם איבערגע־שלאגען.

— איך האב דאך שוין אייך געזאגט אז ניין... זי איז געשטארבען נאך אין קינדבעט מיט מיר — אז מיין טאטע איז געשטארבען, האט אונזער א שכן א שוסטער צוגענומען מיר און געזאגט:

— איצטער, חאצקעלע, אוים....

— מען רופט דיך חאצקעל? — האט חברה איבער־געשלאגען.

— חאצקעל, — האט ער שטיל געענטפערט, ווי ער וואלט זיך געשעמט מיט זיין נאמען — אוים — האט דער שוסטער געזאגט. גענוג צו בארעווען. ווער שוין א מענש. איך וועל דיר צונעהמען צו מיר און דו וועסט זיין א בעל מלאכה... איך האב אבער ניט געוואלט. פע! זיצען א גאנצען טאג און קלאפען צוועקליך. מיין טויט איז דאס. צו וואס דארף מען דאס ארבייטען? — האב איך געקלעהרט. די בעסטע זאך איז לעבען פריי. חאטש ניט עסען! ארבייטען וואלט איך ווע־לען, אבער א ביסעלע: פיער שעה אין טאג...

— פיער שעה אין טאג איז אויך צופיעל, — האט געציל

איבערגעשלאָגן — אַ שעה אין טאָג איז גענוג. איך העלף דער מאַמען אַלע טאָג אַ שעה דרעהען די שטיינער ביי די גרויפּען. מעהר וויל איך ניט.

— מיין שוסטער האָט אבער געוואָלט, איך זאָל זיצען אַ גאַנצען טאָג און אַרבייטען. טאַמער האָב איך מיך אַביסעל צוגעפּוילט, פּלעגט ער מיך שלאָגען. דערפאַר פּלעג איך גאַר אין כעס זיין. מילא אז חברה שלאָגט מיר אַמאָל אין שטעד־טעל, אַרט מיר ניט, איך גיב אַ קלאַפּ, זיי גיבען אַ קלאַפּ, מען איז קווית. דעם שוסטער צוריק שלאָגען האָב איך ניט געקענט, ער איז געוועזען דאַר ווי אַ חאַרט, מיט'ן „גאַטס פינגעריל" וואָלט איך איהם איינגעלעגט. אַז ער פּלעגט מיר אַמאָל געבען אַ פּאַטש מיט זיינע דאַרע הענטלעך, פּלעגט זיך מיר ווילען ברע־כען... ווער האָט מיר גאַרניט געטהאָן.

— איך וואָלט איהם אַראָבלאָזען אין זיין „פּאַטרעט" אַ „טונק", וואָלט ער שוין קיין כח ניט געהאַט צו פּאַטשען זיך... האָט געציל מיט פּעראַכטונג געזאָגט.

— איך האָב איהם אַ בעסערע זאַך אַבגעטהאָן. איך האָב ביי איהם „צוגעצויגען" אַ פּאָר שטיוועל און בין אַנטלאָפען גע־וואָרען.

— וואו זיינען די שטיוועל?

— פערקויפט. גענומען צוויי רובל, — האָט זיך חאַצקעל בעריהמט.

— האָסט דאָך קיין פּאַספּאָרט ניט.

— איך דאַרף קיין פּאַספּאָרט ניט. איך בין אַ היעגער, מיין טאַטע פּלעגט פון דאַנען נעהמען אַ פּאַספּרט.

— האָסט דאָ קרובים?

— קרובים? — האָט ער אַ קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס — אפשר יאָ, נאָר איך קען זיי ניט.

— ברעכען זיי די קעפּ, די קרובים! — האָט געציל גע־

שאַלטען. — מיין מאַמע האָט דאָ קרובים, לאָזען זיי איהר אפילו אויפ'ן שוועל ניט ארויף.

— מסתמא רייכע.

— זעהר רייך! — האָט זיך געצעל צוקאַכט — איינער. יענקיל האצעס, האָט אפשר צעהן טויזענד רובל, ער פערלייהט געלד אויף פראַצענט.

— ביי אזא קרוב איז נוט צו גנב'נען! — האָט האצקעל מיט א לוסטינען שמייכעל א זאָג געטהאָן.

— לעגט ער אָן מיט'ן קאָפּ — האָט געציל א מאַך גע־טהאָן מיט'ן האנד.

---

אז די חברים זיינען נעהנטער בעקאנט געוואָרען, האָבען זי געפונען, אז האצקעל איז א גראָמענער אין שטיקלעך פּראָ־זען. דערהויפּט איז זיי געפעלען געווען, ווי ער בילט ווי א הונד.

— האצקעל, ביל א ביסעלע, — פלעגט איהם געציל בע־טען.

— האוו — האוו — האוו — פלעגט האצקעל אָנהויבען צו בילען, און חברה פלעגט זיך האלטען פאר די בייכער.

— פונקט ווי א הונד! — האָבען זיי געלויבט.

— ביי אונז אין קלעצק פלעג איך ביי נאכט אלעמען שרעקען — האָט האצקעל לאַבענדיג דערצעהלט. — לייבע וואָלפס, א רייכער איד, איז אמאָל פאר שרעק געפאלען, אז איך האָב ביי נאכט אויף איהם אנגעהויבען צו בילען.

— פּחדנים! — האָט חברה געלאכט.

— האוו — האוו — האוו! — האָט האצקעל בעוויזען ווי אזוי ער האָט דאמאָלס געבילט.

און חברה האָט איהם א נאָמען געגעבען „דער הונד“. ביסלעכווייז האָט מען זיין אמת'ן נאָמען פערגעסען און „הונד“ איז געבליבען זיין געוועהנליכער, נאַטירליכער נאָמען.

און איהם האָט עס ניט געאַרט. פערקעהרט, ער האָט, ווי געפיהלט, אז דער נאָמען טהיילט איהם אָפּ פון אלע איבריגע מענשען, וועלכע ער האָט ניט אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט. דער נאָמען לאָזט איהם ניט צו האָבען קיין מגע ומשא מיט די איבעריגע „נפשות“, אויסער זיינע גוטע ברידער, די קונדיסים, דער נאָמען גיט איהם פרייהייט אומצולויפען, צו הונגערן און שלאָפען, וואו עס מאַכט זיך. טרייבט דער שמש ארוים פון פאַלעש, קען ער איבערשלאָפען די נאַכט אויפ׳ן גאַניק פון ווייבערשער שוהל, פונקט ווי א הונד טאַקע. און צייטענווייז פלעגט ער, בילענדיג, זיך גאַר פערגעסען, אז ער איז א מענש. ער פלעגט ארייננגעהן אין דער הינטעשער ראָליע און בילען מיט געפיהל, מיט בייזקייט, מיט רציחה, ווי ער וואָלט וועלען עמיצען צורייסען.

איינמאָל האָט איהם נעצעל דער קרופעניצעס גערופען צו זיין מאַמען:

— ווילסט, הונד, פערדיענען א צעהנעריל?

— יא! — האָט דער הונד אָהן חשק געענטפערט.

— קום צו אונז, וועסט העלפען דרעהען די שטיינער ביי די גרויפען, וועט די מאַמע דיר געבען פינף קאָפּיקעס.

דער הונד האָט זיך געקווייקעלט און איז ענדליך געגאַנגען. אין מיטען וועג האָט ער א ביל געטהאָן:

— האוו! — האוו!

— וואָס בילסטו? געהסט דאָך אַרבייטען! — האָט איהם נעצעל דערקלערט.

— ס׳ווילט זיך ניט געהן... — האָט דער הונד פויל אויסגערעדט.

— ביזט אן אמת׳ער הונד — האָט נעציל געשטראָפט

— וועסט פגר׳ן ווי א הונד פאַר הונגער.

— בעסער ווי אַרבייטען... האוו — האוו!...

ארייננגעהענדיג צו נעצעל אין שטוב, האָט דער „הונד“

געוואָרפען אַ פּעראַכטליכען בליק אויף דעם גרויסען שטעקען, וואָס איז געווען איינגעפלאָכטען אין צוויי שטיינער, פערשטויבטע פון מעהל, און האָט זיך גענומען קראַצען...

— אָט דאָס איז דיין שעהנער חבר... — האָט די קרופּעניצע זיך פערקרימט — אַ לייט, ניטאָ וואָס צו רעדען!...

— האַוו — האַוו! — האָט דער הונד אַ ביל געטהאָן מיט אַ ווילדען געלעכטער.

—קיין משוגענע שטיק פּראָווע דאָ ניט—האָט זיך די אלמנה געבייזערט — ווילסט העלפען דרעהען די שטיינער איז גוט אז ניט — געה געזונטערהייט.

דער הונד האָט אָנגעהויבען צו דרעהען, אלע ווייל̇ע אונטערבילענדיג...

— וואָס איז דאָס, אַ דיבוק איז אין איהם! — האָט זיך די קרופּעניצע דערשראָקען — אַ מענש זאָל נור טהאָן און בילען.

— האַוו — האַוו! — האָט זיך דער הונד מיט כעס פונאַנדערגעבילט — גענוג צו דרעהען, גיט אהער אַ צעהנעריל.

— אזוי גיך אַ צעהנעריל ווילסטו פערדינען! הונד איינער! — האָט געצילס מוטער זיך געבייזערט. דרעה אַ גאַנצען טאָג.

— ניט דערלעבען וועט איהר דאָס! — האָט דער הונד זיך צושריען, און איז ארויסגעלאָפען אָהן אַ צעהנעריל.

— שוין בעסער זיין אַ הונד איידער דרעהען די שטיינער אַ גאַנצען טאָג, — האָט ער אויסגעשפּיגען געהענדיג און האָט אָנגעהויבען צו בילען...

---

אזוי האָט דער „הונד“ זיך אָבגעוואַלגערט אין שטעדטעל צוויי יאָהר, אומגעלאָפען אויפ'ן שול־הויף, אמאָל אין די גאַסען און אמאָל הינטער'ן שטעדטעל אויפ'ן פעלד. אויפ'ן פעלד פלעגט ער זיך פּיהלען בעסער ווי אומעטום, דאָרט פלעגט

ער מאכען הינטישע פרובען, ער פלעגט געהן אויף די הענד און בילען, בילען... איהם האט זיך געדאכט, אז דא איז ער אן אמת'ער פרייער הונד און די גאנצע וועלט איז זיינע. אז ער פלעגט אבער גוט זיך אויסהונגערן, פלעגט ער מיט כעס זיך ארומקוקען אויף דעם ברייטען פרייען פעלד, וואס אויסער גראז איז דא גאר נישטא, פלעגט אנהויבען בילען און שטע־לענדיג זיך אויף די פיס, פלעגט ער צוריק אין שטעדטעל אוועקלויפען זוכען עפעס עסען...

— ווען וועסטו זיך שוין אבגעוועהנען פון בילען? — האט איהם איינמאל געציל דער קרופעניצעס א פרעג געטהאן, ווען דער הונד האט זיך פונאנדערגעבילט.

— קיינמאל נים! — האט דער הונד הויך אויסגעשריען — אז איך ביל פערגעס איך זיך אן אלע צרות... דו מיינסט מיר ארט ניט, וואס איך געה ווי א משוגענער, אבגעריסען, אבגעשליסען... ניין, ברודער לעבען! אפט מאל דאכט זיך מיר, אז איך וואלט די גאנצע וועלט צוביסען, און דאמאלס ערשט ווילט זיך מיר בילען, פערשטעהסט?....

— געה מיט א קלאג, הונד איינער! — האט געצעל גע־זידעלט, — אז דו וועסט בילען וועסטו קיינמאל גאר נישט הא־בען. מען וועט דיך אין א שטוב נים אריינלאזען.

— חאפט זיי דער רוח, מיט זייערע הייזער, איך דארף זיי אויף כפרות...

— וועסט פגר'ן ווי א הונד, וועסט זעהן! — האט איהם געצעל געשראקען.

— אליין איינס — א הונד, א מענש! — האט „דער הונד" געפילאזאפירט. — איך האב הינד מעהר האלד, ווי מענ־שען. פע א מענש! — האט ער אויסגעשפיגען...

* * *

איינמאל איז געצעל געקומען צום הונד אויפ'ן שוהלהויף

און האָט מיט אַ געלעכטער איהם געזאָגט:

— ווייסט, הונד, מאָרגען סמט מען דאָך אַלע הינד פון גאַס.

— גענה אין דר'ערד! — האָט איהם דער הונד מיט כעס געענטפערט.

— אויף נאמנות — האָט געצעל פערזיכערט.

— פאר וואָס סמט מען זיי עפּעס? — האָט דער הונד ערנסט געפרעגט.

— אַזוי! — האָט געצעל געענטפערט — הינד, וואָס האָבען קיין בעלי בתים ניט, איז דאָ אַ „זאַקאָן" דאַרף מען סמ'ען...

— וואָס אַרט דאָס זיי, אַז זיי לויפען אַרום? — האָט דער הונד ווידער געפרעגט.

— מען דאַרף זיי ניט האָבען.

דער הונד האָט זיך פערטראַכט. ענדליך האָט ער געפרעגט:

— ווי אַזוי סמט מען דאָס זיי?...

— מען האַקט פאר זיי קאָטלעטען פון פליש און אין די קאָטלעטען לעגט מען אריין סם. ווי מען גיט זיי אַ וואָרף אַ קאָטלעט, חאַפּען זיי דאָך גלייך אויפעסען...

— אמת'ע קאָטלעטען? — האָט דער הונד איבערגעהאַקט.

— אודאי, אמת'ע — טהייערע קאָטלעטען! אויב דו ווילסט קענסטו אויך פערזוכען אַזאַ קאָטלעט, דו האָסט דאָך אַזוינע קאָטלעטען קיינמאָל ניט געגעסען.

— גענה אין דר'ערד! — האָט דער הונד אויסגעשריען און איז בלייך געוואָרען...

— דיר וועט מען אויך געבען אַזאַ קאָטלעט, דו ביסט דאָך אויך אַ הונד — האָט געצעל געלאַכט.

אנשטאָט אַן ענטפער האָט געצעל בעקומען אַ פּאַטש, און דער הונד האָט זיך אַבגעטראָגען.

עס איז אנגעקומען די נאכט, אין פאליש, וואו דער הונד האט געגעבטיגט, איז געווען קאלט און פינסטער. דער הונד איז געלעגען מיט אפענע אויגען און האט געטראכט. די נייעס וואס געצעל האט איהם דערצעהלט ביי טאג האט איהם צורודערט, ער האט זיך עפעס געשראקען...

— וואס האב איך מורא? — האט ער זיך בערוהיגט— איך בין דאך ניט קיין אמת'ער הונד, מיר וועט מען קיין קאטלעט מיט סם ניט ווארפען....

עס האט אבער ניט געהאלפען. איהם האט זיך געדאכט אז ער וועט אויפשטעהן מארגען פריה א הונגעריגער, וועט ער זיך ניט קענען איינהאלטען און גלייך מיט אלע הונגעריגע הינד אויפהויבען א קאטלעט און אויפעסען מיט'ן סם...

— האוו — האוו... — האט ער גענומען בילען...

פאר דאס איצטיגע בילען האט ער זיך אבער דערשראקען. ער דארף איצט ווערען אויס הונד — האט ער בעשלאסען... א מענש צו זיין איז פארט בעסער...

— ווי הויבט מען אבער אן צו לעבען, ווי א מענש? — האט ער א טראכט געטהאן — איך בין אזוי אבגעריסען, אבגעזונדערט, איך האב מיט זיי קיינמאל ניט גערעדט. איך האב זיי פיינד און זיי האבען מיר פיינד...

— ליגען זיי אין דר'ערד! — האט ער געשאלטען און האט ווייטער אנגעהויבען בילען...

פון דעם ניט שלאפען א גאנצע נאכט האט זיך זיין הונגער אין דער פריה פערשטארקט. ער האט קיינמאל אזא הונגער ניט געשפירט.

— היינט ווארפט מען פאר הינד קאטלעטען! — האט איהם געבליצט אין קאפ א גאנץ פריהמארגען.

און א צורייצטער, מיט א בילעריי, איז ער אויפ'ן מארק אוועקגעלאפען...

# א גאנצע נאכט.

דאָס קאַפע־הויז איז בעשטאַנען פון אַ לאַנגען צימער, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ קאָרידאָר. ביי די זייטען קליינע מאַר־מאָרנע טישלעך צעשטעלט, נעבען יעדער טישעל דריי שטוהלען און ווען די געסט זיינען געריכטער געווען, פלעגט מען מיט מאַטערניש אַ פערטען שטוהל צושטעלען. דעמאָלט פלעגט זיך ביי דער הויכער קעלנערין, מאַשען, טרעפען אַ סבה און אַ גלאָז קאַווע צי אַ גלאָז טיי פלעגט זי אויסגיעסען און פערשפריצען די וואָס זיינען געזעסען ביים טישעל. נאָר דאָס האָט ניט שטאַרק געאַרט די געסט; זיי זיינען שוין דערצו געוואָהנט גע־וואָרען. און אַנדערער, וואָס די גרויסע רוישענדע שטאָדט האָט זייערע נערווען שוין צעקלאַפּט, פלעגט זיך נאָר אַ קרים טהאָן און אַרויסמורמלען:

— ס'אַ מגן טראָגען אַ ביסעל!

— פּשעפּראַשאַם! — פלעגט די קעלנערין מאַשינעל אַרויסרעדען און ניט ערוואַרטענדיג פון דעם גאַסט קיין „פּראָ־שע“, וועלכען ער האָט געוויים אַרויסגעברומט, פלעגט זי פער־שווינדען צו אַ צווייטען טישעל. וואו מען האָט זי גערופען קלינ־גענדיג מיט'ן לעפעלע אין גלאָז.

אין דעם קאַפע־הויז האָט שטענדיג גערוישט. דאָ פלעגען זיך צונויפקומען פריקאַשציקעס, „גאַסען־געהער“, וועלכע פלע־

גען קומען לייזען פאר זייערע סחורות, ווי מעסערלעך, קעמע־לעך, א. ד. ג., וואס זיי האבען אין קערב געטראגען אויף די פלייצעס. חוץ די אלע געסט פלעגען דאס קאפע־הויז בעזו־כען סתם דורכגעהער, לעדיג־געהער, וואס זיינען געקומען אין דער גרויסער שטאדט זוכען שטעלעס, און נאך פערשיעדענע קלאסען.

און דער ווירטה פון דעם קאפע־הויז, אהרן יאקאבסאהן, א איד פון א יאהר פערציג, א דיק־בייכיגער, מיט גרויסע סערע אויגען, פלעגט זיצען ביי דער קאסע, וועלכע האט זיך געפונען גלייך ביים ארייננאנג און פלעגט אבנעהמען פדיון. איהם האט דאס גערויש און געטומעל ניט געטשעפעט. זיינע פאר מחשבות, וואס זיינען געלעגען אין קאפ זינט ער האלט דאס קאפע־הויז האבען זיך רוהיג געארבייט אין דעם גרעסטען טור־מעל. בעשטאנען זיינען די פאר מחשבות נאר דערין: מען דארף אבנעהמען ריכטיג דאס וואס קומט פון גאסט און 12 א זייגער ביי נאכט מוז מען פערמאכען דאס קאפע־הויז...

און די צווייטע מחשבה איז ערנסטער געווען פאר דער ערשטער. פערמאכען דאס קאפע־הויז הייסט אויפהערען לייי־זען, און אויפהערען לייזען, געהן א היים איז פאר איהם געווען אן אומעטיגע זאך. אין דער היים האט זיך אהרן געפיהלט ווי א פיש אויף דער יבשה. אהרן האט ניט אזוי ליעב געהאט דאס געלד, ווי דעם עצם פראצעס פון פדיון; ער האט ליעב גע־האט, ווען דער גאסט דערלאנגט איהם א זילבערנעם רובעל, רעכענט איהם אוים צוויי גלאז טיי מיט צוויי פוטערקוכען און בעט רעשט. אהרן גיט דעם רובל א ווארף אויף'ן פראבע־שטיין וואס ליעגט אויף דער קאסע, געפינט איהם פאר גוט, עפענט אויף דאס קעסטעלע וואו דאס געלד ליעגט און גראבלענדיג זיך אין די פיעלע מטבעות דארט, וואס קלינגען אזוי ווי מו־זיק, נעהמט ער ארוים די געהעריגע צאהל מטבעות און גיט עס

ארוים דעם גאסט. און אַט קומט א צווייטער, א דריטער, א פערטער גאסט.

— ווי געהט עס פאניע יאקאָבסאָהן ? — פרעגט אן אנ־דערער, פון די אַפּטע געסט.

— גאָט צו דאנקען ! — ענטפערט ער, זינדיגען קען איך ניט און מען טאָר ניט....

— פדיון איז פארהאן ?

— פארהאן איז פארהאן — ענטפערט אהרן מיט א צו־פריעדענעם קרעכץ — עס האָט אבער בעסער געקענט זיין. עך־עך־עך — מען איז אבער אין גלות !

— קענען וואָס זאָגט איהר דאָס ?

— איך מיין קענען דעם, וואָס מ'ען „נייט" 12 א זייגער פערמאכען דעם געשעפט... דאָס איז פאר מ״ר א הריגה... 12 אזייגער איז דער בעסטער פדיון. די פריקאשציקעס געהען דאַ־מאָלס פון די צירקען, טעאטערס און עס לייזט זיך דאמאָלס גאנץ געשמאק — נאר געשמאק ! — ווערט ער בעגייסטערט און לאָזט ארוים א זיפץ, — וואָס איז אבער די פעולה ? — מען לאָזט ניט: 12 א זייגער שרייט מען שוין : „זאמיקאט !"

און ווירקליך האָט דער געזעץ, וואָס פערבאָט צו זיצען שפע־טער, ווי 12 אזייגער אין געשעפט, געקאָסט אהרנ'ען פיעל גע־זונד. עס איז איהם שווער געווען שיידען זיך אין דער צייט מיט אזוי פיעל געסט, וואָס יעדער'ער האָט געשריען טיי, קאווע, אייער, מילך, און די מינוטען זיינען געצעהלט: ס'איז שוין פינף מי־נוט צו 12. באלד גיט זיך דער פינקטליכער ווייזער א רוק און עס בלייבט נאר 3 מינוט צו 12 און באלד — באלד, אַט נאָר א האָר שטעהט ער שוין שטאָלץ, מיט א גזלנישע קאלט־בלוטיגקייט אויפ'ן 12 און טהו עפּעס... דער ווייזער פיהלט דען עפעס, ער פערשטעהט דען וואס פדיון איז?... אַ, דער ווייזער, דער ווייזער, ווער בעט איהם ער זאָל ווייזען...

אה אהרן מוז מיט הארצקלעמעניש זיך ווענדען צו די געסט:

— נו, ברידער, שוין צייט!...

— זאמיקאט! — קלאפט דער פאליציסט אריין אין טחיר.

— צום שווארץ־יאהר! — שיקט ער איהם אב אין נע־דאנק און ער ווענדט זיך צו די געסט שוין מיט מעהר טרוקענ־קייט:

— נו, ברידער! לאזט פערמאכען! איך וועל נאך דאר־פען שטראף בעצאהלען.

און אהרן האט ניט אומזיסט זיך געשראקען: ער האט שוין עטליכע מאל בעצאהלט צו 25 רובל שטראף. עס איז געוועזען אין יענע צייטען ווען דער חשק צו פדיון האט איבערגעשטייגט די מורא. יעצט איז אפילו דער חשק נאך ניט קלענער געווא־רען, נאר דאס לארעניש, דאס געהן אין געריכט נעהמט צו זעהר א סך צייט, און דאס געשעפט ווערט רואינירט, און אגב האט מען איהם מתרה געווען, אויב ער וועט נאך אמאל איבערציהען נאך 12 וועט מען איהם פערמאכען דאס געשעפט...

— היינט געה הויב זיך אן מיט זיי! — קלאגט ער זיך פאר אן אנדערן גאסט, וועלכען ער דערקלעהרט זיין לאגע.

---

איינמאל ווינטער צייט ביי נאכט, דער פראסט האט דרוזי־סען געקנאקט, די גרויסע פענסטער פון יאקאבסאהנ'ס קאפ־פע־הויז זיינען פערפרוירען געווען, ביי די טישלעך זיי־נען געזעסען געסט ביי הייסע גלעזער טיי, צי קאווע, און האבען זיך געווארעמט, דער זייגער האט שוין געהאלטען ביי האלב צוועלף, און יאקאבסאהן האט שוין זיך איבערגעגעבען אין גאנצען דעם געדאנק, אז באלד, באלד דארף מען פערמא־כען... אט אין דער צייט איז אריין א פערפרויערענער פוהר־

מאן, זיך געזעצט נעבען א טישעל קעגען איבער דער קאסע און האָט געפאָדערט א גלאָז טיי.

— קאַלט! קאַלט! — האָט ער געברומט, רייבענדיג די הענד. און ווישענדיג נאָכדעם די גרויסע וואָנצען, וואָס זיינען פייכט געווען פון די אייז, וואָס איז צוגאַנגען פון דער פּארע אין קאַפע־הויז...

— א גרויסער פראָסט! — הא! — האָט זיך יאַקאָבסאָהן צו איהם געווענדעט, און געהאַט בדעה אריינלאָזען זיך מיט איהם אין א שמועס.

— א ברען! — האָט דער פוהרמאַן געענטפערט און אָנגעהויבען זופען די גלאָז טיי, וואָס די קעלנערין האָט איהם צו־געטראָגען.

— נו, וואַרעמט זיך אָן, — האָט יאַקאָבסאָהן איהם פריינדליך געזאָגט.

—אודאי! — האָט דער פוהרמאַן ווי מיט פרייד אויסגע־שריען — די גלאָז טיי ראַטעוועט מיך איצטער. — איהר ווייסט פאניע יאַקאָבסאָהן, האָט זיך דער פוהרמאַן א דערוואַ־רעמטער, צורעדט, — מיר פוהרמאַנעס, האָבען געדאַרפט האָ־בען אייער קאַפּיינע א גאַנצע נאַכט, מיר ווערען דאָ שטעהענ־דיג אין גאַס דערפרוירען.

— הערט איהר, ברודער! — האָט זיך ערוועקט אהרנ'ען זיין אַלטע וואונד — ווען מען וואָלט לאָזען וואָלט איך אודאי און אודאי וועלען האַלטען אָפען א גאַנצע נאַכט, איך וואָלט דאָס וועלען צוליעב מיין טובה און ניט צוליעב אייערער... חע... חע... חע... א מענש זאָרגט פאַר זיך אליין און דערפון קומט ארויס א טובה דעם צווייטען. מיר וואָלט געווען גוט און אייך וואָלט געווען גוט... וואָס איז אבער די פעולה? ! — האָט אהרן זיך צעזיפצט — מען איז אין גלות !... מען לאָזט ניט.

— און עס איז גאָר ניטאָ קיין עצה? — האָט דער פוהר־מאַן געפרעגט.

— ניטאָ קיין שום עצה, — האָט אהרן מיט יאוש גע־ענטפערט און זיין פול פּנים האָט ווי א וואָלקען פּערדעקט — קיין שום עצה ניטאָ. איך האָב שוין געפרעגט ביי זאַקאַניקעס, ביי אדוואָקאטען. איך האָב זיך געוואָלט לאָזען קאָסטען א שעה־נע קאָפּיקע... עס וואָלט מיר ווערטה געווען. א פּליינינגקייט — א גאַנצע נאכט!...

די ווערטער א „גאַנצע נאכט" האָט אהרן גערדיקט ווי מיט א ליעבשאַפט און ווי מיט א ציטערניש, פּונקט ווי אין די ווער־טער שטעקט זיין גאַנץ לעבען, זיין גאַנץ גליק...

— און מיר דאכט, — האָט דער פוהרמאַן ווייטער גע־רעדט — אז מען זאָל זיך גוט סטאַרען קען מען קריגען א פּאַז־וואָליעניע.

— שווער! — האָט אהרן אלץ מיט דעם זעלבען יאוש־דיגען טאָן ארויסגעברומט.

— און איך זאָג אייך, אז מען קען, — האָט זיך דער פוהרמאַן געהאַלטען ביי זיינס. דאָ דאַרף מען נאָר א פּראָשעניע צום פּאָליציי־מייסטער... איך האָב א פּלאַן! !—האָט דער פוהר־מאַן פּלוצים ארויסגעשריען מיט אזא פריידען־טאָן ווי ער וואָלט געפונען א מיטעל ווי צו ראטעווען א מענשען פון טויט... איך האָב א טהייערען פּלאַן...

אהרן'ס אויגען האָבען זיך צעשטעלט און האָבען געקוקט מיט א מאָדנעם גלאַנץ, אזוי קוקט א קאַץ ווען זי זעהט פון ווייַ־טען עפּעס א שטיק ווייסעס און זי גלויבט ניט אין איהר גליק, צי דאָס איז קעז, צי ניט...

— אהער דעם פּלאַן, — האָט אהרן, צו זיך קומענדיג ארויסגעשאָסען...

— א גאָלדענער פּלאַן, — האָט זיך דער פוהרמאַן צע־פּלאַמט, ערשט איז ער מיר איינגעפאַלען... יע.. יע.. בקיצור ר' אהרן, אייער קאָפּייניע איז שוין גלייך ווי אָפּען א גאַנצע נאכט...

— זאמיקאם! — האט פלוצים זיך דערהערט דער שטרענגער קול פון גאראדאוואי!

— נאט אייך „א גאנצע נאכט"! — האט אהרן זיך צו־זופצט — אי, אי, מען איז אין גלות!

און אהרן האט אנגעהויבן גיכער טרייבן די געסט און מיט גרויס אונגעדולד ערווארט דעם פוהרמאנס פלאן.

— ווארט, ווארט! — האט ער דעם פוהרמאן פערהאל־טען. — מיר וועלען באלד שמועסען...

די געסט האבען זיך איינע נאך די אנדערע פונאנדערגע־צאהלט. — אהרן האט איילענדיג און אויפגערעגטערהייט רעשט געגעבען און האט ניט אלע מטבעות, וואס מען האט איהם דערלאנגט, געפרובט אויפ'ן פראבע־שטיין.

— איצטער קענט איהר זאגען אייער פלאן! — האט ער זיך געווענדט צום פוהרמאן וועלכער איז דער איינציגער גע־בליבען אין קאפע־הויז, אויסער די קעלנערינס און דאס קיך־מיידעל, וואס האבען זיך געאיילט צוצוקלויבען אין דער גיך די שטוהלען, אבווישען די טישלעך און געהן אנידערפאלען שלא־פען...

— דער פלאן איז אזוי: מיר איזוואזטשיקעס, וועלען דערלאנגען א „באפיער" צום פאליציימייסטער אזוי: טאק־טאק מיר איזוואזטשיקעס — היות ווי מיר פוהרמאנעס מוזען זיך געפינען אין דער און דער גאס א גאנצע נאכט און טאק־טאק מיר מוזען האבען ווינטער וואו אנווארעמען זיך און זומער פון רעגען זיך בעהאלטען, מוזען מיר האבען אזא מין זאווערעניע, וואס זאל זיין אפען א גאנצע נאכט... די זאווערעניע געפינען מיר זעהר פאר גוט דעם ה' אהרן יאקאבסאהנ'ס, זי געפינט זיך אין סאמען פונקט, וואו מיר איזוואזטשיקעס געפינען זיך, אי טאק פאקארניישע פראסים — בעטען מיר דיך זעהר זאלסט אונז טהאן די טובה און „ראזרעשען" דעם ה' אהרן יאקאב־

סאַהן צו האַלטען אַפען די קאַפייניע אַ גאַנצע נאַכט פון אַהי־זער טובה וועגען.

— דער פּלאַן איז גאַר פּערוויי סאַרט! — האַט אהרן זיך ווי בעלעקט — איהר זענט דאָך גאַר אַ גאַנצער מיניסטער, ווי איך בין אַ איד! — אַ מיניסטער!...

— איך האָב 5 יאַהר „געדיענט"! — האַט דער פוהר־מאַן שטאַלץ ערקלעהרט, פון וואַנען ער איז אַזאַ זאַקאַניק...

— ברודער! — האַט אהרן אויסגעשריען, בעטראַכטענ־דיג דאַס גליק וואָס דאַ שטעהט איהם פאַר. — ברודער, אויב די זאַך וועט זיך אויספיהרען, קריגט איהר אַ פיינע מתנה... אבער גאַר אַ פיינע, האַט ער צוגעגעבען מיט זיכערהייט...

— מען דאַרף זעהן „שמירען"! האַט דער פוהרמאַן גע־שמייכעלט.

— וועגען שמירען רעדט מען ניט! שמירען מוז מען ביי סלענערע „דיעלעס", בפרט ביי אַזאַ!...

— אויב איהר וועט שמירען ר' אהרן, שווער איך אייך, אַז איהר קריעגט אַ ראַזרעשעניע אין צייט פון אַ חודש, און איהר וועט אם ירצה השם זיצען אַ גאַנצע נאַכט, ס'הייסט, קיינמאָל ניט דאַרפען פערמאַכען...

— הלואי! — האַט אהרן צוגעוואונשען — און איהם האַט זיך עפּעס ניט געגלויבט אַזאַ גליק...

---

און אהרן יאַקאַבסאָהן האַט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אויף אַלע כלים. ער האַט געשמירט און געשמירט, געקרעכצט און געזיפצט און געהאַפּט און געהאַפּט. דער געדאַנק „אַ גאַנצע נאַכט" האַט איהם רוהען ניט געלאַזט און איידער דאָס קאַפע הויז איז נאָך געווען אָפען אַ גאַנצע נאַכט, האַט ער שוין גאַנצע נעכט ניט געשלאָפען...

אין צוויי חדשים אַרום האַט ענדליך אהרן יאַקאַבסאָהן בעקומען אַ פּאַפּיער, וואו עס שטעהט כתוב וחתום, אַז ער, דער

איינציגער אין דעם בעצירקעל, מעג האלטען אפען דאס קאַ־פע־הויז א גאנצע נאכט.

— נו, ברידער, גיט מיר אב מזל טוב! — האט ער מיט א שיינענען פנים פון גליק זיך געווענדט צו די געסט.

—וואס, טאקי ערלויבט! — האבען די געסט זיך פער־וואונדערט.

— נאט לייענט! — האט ער דערלאנגט דאס פאפיער מיט א סך קאזיאנע סטעמפלען איינעם א יונגען מאן, וועלכער האט געדארפט קענען לויט זיין הויכען צילינדער, לעזען רוסיש ווי וואסער. נאר יענער האט עס גענומען אין האנד, א קוק גע־טהאן דארין און איבערגעגעבען א צווייטער האנד, וועלכע איז געווען אויסגעשטרעקט צו נעהמען עס.

די צווייטע האנד האט אנגעהויבען לעזען:

„זייענדיג אויפמערקזאם אויף דער ביטע פון די איזוואז־טשיקעס פון 7טען בעצירקעל, וועלכע פאדערן צו האבען א הויז וואו אריינצוגעהן זיך אנווארעמען, איז ערלויבט געווארען די קאפע־הויז פון אהרן יאקאבסאהן צו האלטען אפען א גאנצע נאכט...“

— דאס איז א ביסעל א גליק! — האבען אייניגע געסט אין איין קול אויסגעשריען.

— א קלייניגקייט! — האבען נאך אייניגע זיך געוואונ־דערט — א גאנצע נאכט!...

— איהר פרעגט נאך, צי דאס איז א גליק! — האט דער בעל שמחה אליין גליקליך געשמייכעלט — א אידען קען גאר ניט טרעפען אזא גליק!

— ניין! — האט א גאסט אבגעשלאגען — אויף די נאלעווקעס איז פארהאן א שענק וואו מען „שענקט“ אויף א גאנצע נאכט.

— נו, איז פארהאן נאך א שענק! — האט דער בעל שמחה ווי מיט פערדרוס וואס ער איז ניט איינער, געענטפערט, —

א שענק איז דאָך ניט קיין קאפע־הויז. א קאפע־הויז איז מיינע איצט די איינציגע אין שטאָדט אָפען א גאנצע נאכט!

— נו, מזל טוב איך! — האָבען איינינגע געסט אָנ־געהויבען ווינשען, און אויסגעצויגען אהרן׳ען זייערע הענד.

—א שעהנעם דאנק! — האָט אהרן יעדערן געענטפערט, אויסציהענדיג, מיט א פרום־געריהרטען פנים, די האנד.

* * *

און פון דעמאָלט אָן איז די קאפע־הויז אָפען א גאנצע נאכט. דריי קעלנערינס דרעהען זיך ארום מיט מיעדע בלאסע פנימ׳ער און דערלאנגען טיי און קאווע די פערשיעדענע געסט, וועלכע זיצען דאָ אב גאנצענע נעכט, ניט האָבענדיג קיין היים אין דער גרויסער שטאָדט, וואָס פערמעגט אזוי פיעל הייזער... די איזוואָזטשיקעס זיצען ארום דעם גרויסען טיש, וואָס געפינט זיך אין מיטען קאפע־הויז און שמועסען וועגען פערד און קאר־גע פאסאזשירען... ביי דער קאסע זיצט יאקאָבסאָהן און בע־טראכט די געסט, רייבט די אויגען און איז שטארק צופריע־דען. אָפטמאָל נאָר איז איהם ווענינ די פאָר שעה, וואָס ער שלאָפט ביי טאָג אין דער היים, ווען זיין ווייב בייט איהם איבער, און ער שפּארט אָן דעם קאָפּ אויף דער קאסע און זי־צענדיג כאפּט ער א דרימעל. נאָר לאנג קען ער ניט דרעמלען: די קעלנערין וועקט איהם אויף און טהיילט איהם מיט, אז א גאסט דאַרף צאָהלען. ער כאפּט זיך אויף געשווינד און נעהמט אָב געלד און איז ווייטער פריש און וואכעדיג...

— וואָס, עס ווילט זיך שלאָפען? — פרעגט דער גאסט.

— עט... גיט ער א מאך מיט דער האנד — פדיון איז טהייערער פאר׳ן שלאָף.

דער גאסט געהט ארויס און יאקאָבסאָהן נעהמט אויף זיך שוין מעהר ניט צו שלאָפען און וואכען די גאנצע נאכט..

און ער שטרייט מיט׳ן שלאָף!...

# אין די רייכע גאסען.

וועלוועל דער שוסטער, א הויכער דארער איד מיט פרוּעה־ליכע אויגען, וואהנט שוין, זייט ער איז „פאר זיך“ א בעל־הבית געווארען און האט אן אייגענעם ווארשטאט, אויף דער סמא־טשע גאס. וואהנען וואהנט ער אין א קעלער, די קליינע פענס־טערלעך געהען ארויס צום הויף. דער הויף איז א שמאלער, די הייזער פיער־שטאקיגע, און דעריבער איז ביי וועלוועלען אין „וואהנונג“ שטענדיג „פאר נאכט“, ליכטיג ווערט נאר אין וואהנונג דאן, „ווען עס ווערט שוין גוט נאכט“ און דאס ווייב חייקע צינדט אן דעם לאמפ.

— עס וואלט געווען א יושר — זאגט אמאל וועלוועל, ווען דער לאמפ ברענט און דאס פייער מאכט איהם מונטער — עס וואלט געווען א יושר. אז דער לאמפ זאל ביי אונז אין „זאל“ ברענען א גאנצען טאג, אזוי זעהט מען גאר ניט די טהייערע מעבעל און די גארדינען...

דער איינציגער פועל, וועלכען ער צאהלט א רובל א וואך מיט קעסט און קווארטיר, שמייכעלט צו און ענטפערט:

— בעסער, ר' וואלף, ציהט זיך ארויס אין א נייע דירה!

— אין א נייע דירה וועלען מיר זיך אויף אם־ירצה־השם אריבערציהען, — ענטפערט וועלוועל פרעהליך קלאפענדיג אין פאדעשווע די טשוועקלעך. איבער הונדערט און צוואנציג יאהר

און אפשר פריהער וועל איך האָבען א דירה איינם אין דער וועלט... דו ווערסט צו מיר קומען געוואָהר ווערען? ענדיגט ער, לוסטיג אויסשטעלענדיג אויפ'ן פועל די פרעהליכע אויגען—

— איידער יענע דירה, שוין בעסער דאָ אין קעלער! — ענטפערט דער פועל א קראַנק־טהוענדיג זיך.

— וואָס איז, נאַרעלע, וואָס פעהלט דאָרטען? — שמייכעלט וועלוועל ווייטער — דאָרטען ווערסטו גלייך אויס שוסטער און הויבסט אָן גלייך באַקען בייגעל... האָסט עפּעס ליעב פרישע, טרוקענע בייגעל?

— בייגעל מיט סמעטענע דאַרף זיין ניט שלעכט, הויבט שוין אָן זיך וויצלען אויך דער פועל.

— ע, ביזטו שוין גאַר א פרעסער — ווערט וועלוועל כלומרשט ערנסט — בייגעל אליין איז דיר ווייניג, ווילסט נאָך סמעטענע?....

און אזוי וויצעלט מען זיך פאַר'ן לאָמפּ אלע נאַכט כמעט. עס איז קענטיג, אַז די ליכטיגקייט מאַכט אויף די צוויי אַרבייטער א גוטע ווירקונג, און זוער ווייסט ווי פרעהליך זיי וואָלטען זיין, ווען א גאַנצען טאָג וואָלט טאַקע א לאָמפּ אין קעלער געברענט?...

דאָס איז אָבער א זאַך, וואָס איז ניט מעגליך. נאַפט איז זעהר טהייער און פערדיענען פערדיענט וועלוועל זעהר ווייניג. ער אַרבייט פאַר א פאַבריק און נעהמט 6 רובל א וואָך. צאָהלט ער פאַר'ן קעלער 2 רובל א וואָך, א רובל נעהמט צו דער פועל און דריי רובל נעהמט אוועק אויף עסען פאַר איהם מיט'ן פועל, מיט דעם ווייב און די צוויי קינדער. וואָס ער האָט, עס איז גוט, וואָס עס קלעקט אויף נויטיגע זאַכען, אָבער ניט אויף לוקסוס — ברענען ביי טאָג א לאָמפּ...

אמת, אמאָל טרעפט, אַז ער דאַרף נויטיג אָבשוואַרצען א קנאָפּעל ביי טאָג. דעמאָלט מוז ער אָנצינדען פייער. נאָר דערצו האָט ער א קליין לעמפּעלע, אָהן א גלעזעלע און עס רויכערט

מעהר איידער עס ברענט, און וועלוועל האָט ניט קיין גרויסען תענוג פון אַזא מין ליכטיגקייט. פערקעהרט, חייקע, א שוואכע קראנקע פרוי, קלאָגט זיך ניט זעלטען, אז זי פערטשאדעט דעם קאָפּ פון רויך.

— ביזט דאָך גאָר א גאַנצע „מאדאם", מיין ווייב — ווי־צעלט זיך דעמאָלט וועלוועל — וואו ביזטו דאָס געהאָדעוועט געוואָרען?

אז ער דערהערט אבער חייקעס א קרעכץ, פערשווינדט זיין וויציגע שטימונג און ער ענטפערט ערנסט און גערירהרט:

— שאַ. חייקעלע, שאַ. באַלד פערלעש איך. אָט איך שוואַרץ נאָר אָב דעם קנאָפּעל...

און ער פערלעשט טאַקע באַלד...

---

א גאַנצע וואָך וואָהנט וועלוועל אויף דער סמאַטשע גאַס אין פינסטערן קעלער און לעכצט נאָך א ביסעל ליכט, דער־פאר אבער שבת ציהט ער זיך אריבער אין די שעהנסטע, ליכ־טיגסטע רייכסטע וואַרשאַווער גאַסען און פערגעסט דאַן די סמאַטשע גאַס, דעם קעלער און אפשר זיך אליין. עס טהוט זיך אויף איהם אַן גאָר אַן אַנדער הויט, אז ער איז אביסעל גלייך צו די איבריגע מענשען, וואָס ער בעגעגענט אין די ריי־כע, שעהנע און ליכטיגע גאַסען...

שבת דאַווענט ער ותיקין. כאָטש חייקע קען ניט פער־שטעהן, וואָס איז אויף איהם אַזא איילעניש. — ער האָט איין טאָג אין וואָך, וואָס ער קען זיך אויסשלאָפען, שטעהט ער אויף נאָך פריהער ווי אין מיטען דער וואָך. א משוגענער און גאָר! ביז צעהן א זייגער מוז ער שוין זיין פאַרטיג מיט'ן טשאָלענט, ער טרייבט און יאָגט: גיכער! און גלייך נאָכ'ן עסען לאָזט ער זיך געהן צו די רייכע שעהנע גאַסען.

אָט איז שוין די סמאַטשע גאַס הינטער איהם. עס בעווייזט זיך שוין עפּעס א שעהנערע גאַס. וועלוועל הויבט שוין אָן געהן

לאנגזאמער — דא איז אויך ניט שלעכט... נאר ער האט נאך אין זינען די איבריגע ברייטע, לוסטיגע גאסען, און א ווארע־מע פרייד גיסט זיך און פליסט דורך אלע זיינע גליעדער, און ער לעבט און האפט: באלד, באלד!...

---

אט איז שוין די „האניג־גאס" — ברייט און לאנג איז זי — דער ברוק פון טייערן האלץ, די הייזער זיינען אלע פון איין הויף, אויסגעשטעלט ווי א פאלק סאלדאטען — סמירנא! א מחיה דא... נאר גיין! די גאס איז נאך גאר נישט אנטקעגען דער קראקויער פארשטאדט, וואס נעהמט זיך רעכטס פון דער האניג־גאס. דאס איז א אביסעל א גאס!... אך! ווי ברייט זי איז! ווי רייך!... עס פינקעלט אין די אויגען!

וועלוועל איז אפילו א איד ניט קיין פחדן, לאכט זיך אויס פון אלץ אין דער וועלט, נאר אויף דער קראקויער פארשטאדט טרעט ער אריין א ביסעל דערשראקען און צוטומעלט, און עס לויפט איהם דורך אין קאפ עפעס א פראגע, צי מעג מען דא געהן. נאר ער דערמאהנט זיך גלייך, אז ־אם האט ער א טעות: דא מעג מען יא, — אין זאקסישען גארטען טאר מען ניט....

און וועלוועל ווערט פרעהליך און לאכט אין הארצען פון די נארישע ארדנונגען אין ווארשא:

זיי ווייסען זעהר וואס צו פערוועהרען! — טראכט ער— אויך מיר אן אונגליק ניט צו געהן אין זאקסישען גארטען!... וואס איז דארטען אזוינס? — בוימער! א טייערע מעשה! אט דא וואלטען די נארען פערוועהרען, וואלט טאקע געווען אן אונגליק... דא איז טאקע גוט, ליכטיג, געררוים, ברייט...

און וועלוועל געהט ווייטער, טיעפער אריין אין דער רייי־כער גאס און קען ניט פערשטעהן, פאר וואס איז דא ניט פער־וועהרט איהם צו געהן... אמת, ער האט אנגעטהאן די שבת'די־גע קאפאטע, אבער וואס האט זיין שבת'דיגע קאפאטע, וואס

האט שוין אין די ארבעל צו לאטקעס, פאר א ווערטה אין אזא רייכער נאס?...

און וועלוועל בענוצט זיך מיט דער נארישקייט פון די וואר־שאווער ארדנונגען, וואס מען לאזט איהם דא געהן, און הויבט זיך אן אבשטעלען ביי אלע גרויסע פינקלענדיגע מאגאזינען. זיין אויג קען זיך זאט ניט אנקוקען, און ער קוקט און איילט זיך. איין אויג דערזעהט איין אויסשטעלונג, דאס צווייטע אויג כאפט א קוק אויף א צווייטע אויסשטעלונג, און וועלוועל וויל אלץ בעקוקען, און דא איז קיין צייט ניטא. דער טאג שטעהט ניט... און ער געהט ווייטער און ווייטער.

און געהענדיג פאלען איהם אריין אין קאפ טויזענדער מחשבות, איינע ווילדער פאר דער אנדערער. אזעלכע מחשבות וואס יוען זיי וואלטען איהם אין מיטען וואך אריינגעפאלען, וואלט ער זיך זיכער דערשראקען און מיינען, אז ער ווערט משוגע. דא ווערט ער אבער א גרויסער בעל דמיון, און אפילו אויף דער מחשבה, וואס פליהט איהם כמעט אלע שבת דורך אין קאפ, צו איבערציהען זיך אמאל, האטש ווען עס איז, האטש פאר דעם טויט, אהער אין ד ע ר נאס, דינגען דא א וואהנונג, אפילו אויף אם דער מחשבה איז ער אויך גלייכגילטיג, ווי אויף עפעס מענליכעס... שבת, וואהנענדיג אויף די רייכע גאסען, ווערט ער נאר אן אנדער מענש און דענקט נאר אנדערש...

דורכגעהן אלע רייכע, לוסטיגע, ליכטיגע גאסען גע־דויערט ביי איהם דער גאנצער טאג. מנחה־צייט לאזט ער זיך געהן צוריק, צוריק... די רייכע גאסען פערשווינדען אלץ מעהר און מעהר, בלייבען הינטער איהם, און ער פאלט אלץ ביסלאכ־ווייז צוריק אריין אין די ארעמע גאסען, ביז ער דערגרייכט צו די סמאטשע גאס — זיין גאס!...

בעת ער קומט צו די סמאטשע גאס, איז שוין דונקעל. ער לאזט זיך אריינגעהן אין קעלער, פרעגט: פאר וואס צינדט מען ניט אן פייער? און בעקומענדיג אן ענטפער, אז עס איז ניטא

קיין נאָפּט, פאַלט ער אַ מיעדער אויפ׳ן צובראָכענעם בעטעל, און ווערט אַזוי איינגעשלאָפען אין דער פינסטער...

אין חלום אָבער זעהט ער נאָך די רייכע, ליכטיגע גאַסען...

# עס פּלאַצט.

די גרויסע ראָד־באַרשט ליעגט אויף דעם קליין־טי־שעל, וואָס שטעהט אין ווינקעל; ביי די ברעגען נעבען די גרויסע שפּיעגלען זיינען צולעגט די קעמעלעך, בערשטעלעך, שערעלעך און די גאַנצע געצייג וואָס זיינען נויטיג אין אַ רייכער פאַבריקמאַכעריי. בענדעטסאַהנען אָבער, דאַכט זיך, אז עס איז אַלץ נאָך ניט גוט, והא ראיה: אַ גאַנצען טאָג איז נאָך קיינער ניט אריינגעקומען. און ער געהט צו פון איין שפּיעגעל צום צווייטען. פון איין טישעל צום צווייטען און ווישט, גלעט, פּוצט און קוקט אַלץ ארוים צום טהיר, אפשר וועט זי זיך אמאָל עפענען. נאָר די טהיר איז ווי פערפרוירען געוואָרען און בענדעטסאַהנען דאַכט זיך, אז עס איז גאָר אומזיסט די האָפנונג — די טהיר וועט שוין בלייבען אויף אייביג פערהאַקט. ער דערשרעקט זיך און עפענט אויף אליין די טהיר, שטעקט ארוים אַ האַלבען גוף אין גאַס אריין און זוכט אַ מענשען מיט אַ באָרד, וואָס דאַרף זיך ראַזירען...

— נו, אַ טאָג! זאָל ער ניט געדאַכט ווערען! — פּרובט ער זיך אויסרעדען פאַר'ן איינציגען ארבייטער, וואָס געפינט זיך אַ גאַנצען טאָג אין דער פאַריקמאַכעריי.

דער ארבייטער, וועלכער איז אליין נאך מעהר אונרוהיג פאר'ן בעל־הבית פון אזא שלעכטען טאג, מאכט אן אומעטיגע מינע און וויל עפּעס זאגען, נאר ער ווייסט ניט וואס און ער לאזט ארויס א זיפץ.

— עס איז א געהרג'עט ארט! — רעדט ווייטער דער בעל־הבית.

— א העק! — גיט נאך דער ארבייטער.

דער ארבייטער און בענדעטסאהן ווערען ענטשווינגען.

די צייט געהט, זי געהט אזוי לאנגזאם און אזוי שווער, אז בענדעטסאהנען דאכט זיך, דאס ער זעהט זי און הערט איהרע טריט.. איהם פּלאצט די געדולד.

עס ווערט פינסטערליך, דער ארבייטער וויל אנצינדען דעם גאז, נאר ער וואגט זיך ניט, מען האט היינט אפילו אויף גאז ניט געלייזט. ער קוקט אויף בענדעטסאהן, אפשר וועט ער הייסען. בענדעטסאהן קלערט אויך וועגען דעם, נאר עס דיענט איהם ניט די צונג צו אויסרעדען עס.

— מילא, צינד אן דעם מיטעלסטען לאמפּ, רעדט ער ענד־ליך ארויס, ווענדענדיג זיך צום ארבייטער.

דער ארבייטער דערפרעהט זיך, ער שטעלט זיך אויף גע־שווינד אויף א שטוהל, רייבט אן א שוועבעלע, לעגט צו דאס שוועבעלע צום שפּיץ גלאז און די פאריקמאכעריי ווערט בעלויכ־טען.

„טריק־טראק־טריק!“ שיעסט עפּעס באלד אויס.

דער ארבייטער ווערט בלייך, די הענד ציטערן איהם.

— געפּלאצט! — מורמעלט קוים ארויס דער ארבייטער און וויל שיער ניט אנטלויפען.

— א גוטער אנהויב! — ברומט בענדעטסאהן און קוקט מיט פערלאפענע אויגען אויף דער גלאז — געלעזט שוין צוויי גילדען!

— עס איז פון קעלט! — ווארפט אריין דער ארבייטער,

ווי ער וואָלט וועלען טרייסטען דערמיט.

— עס איז ניט פון קעלט, דאָס איז פון שלים־מזל! עס געהט ניט! עס פּלאַצט!

ענדליך עפענט זיך די טהיר און עס געהט אריין אַ יונגער מענש.

— ביטע! — מאַכט בענדערסאָהן אַ זיסע מינע און שמייכעלט, ווי ער וואָלט געוועזן דער גליקליכסטער מענש אויף דער גאַנצער וועלט.

— ראַזירען! — לענט פאַר דער גאַסט.

— צינד אָן די לאַמפּען! — קאָמאַנדעוועט בענדערסאָהן צום געהילף און אליין זעצט ער אוועק דעם גאַסט קעגען גרויסען שפּיעגעל, רוקט ארויס פון שטוהל דאָס קישעלע, אויף וועלכען ער בעט דעם גאַסט טויזענד מאָל איבער אָנצושפּארען דעם קאָפּ.

דער גאַסט פאָלגט און בענדערסאָהן נעמט זיך צו דער אַרביים.

עס ברענען אַלע פיער לאָמפּען, אין צימער איז ליכטיג ווי אויף אַ גרויסאַרטיגען באַל. בענדערסאָהן נעהמט אריין אין זיין ראָלע און אַרביים וואָס צום בעסטען. ער ראַזיערט אָב איינמאָל, פיהרט איבער מיט דעם גאָלמעסער אַ צווייטען מאָל, נאָכהער פעררייבט ער אונטער דער האַלז, נאָכהער נעהמט ער ארויס אַלערליי מיני בשמים און שמיערט דעם גאַסט די וואָנסען, די ברעמען, די האָר. דער גאַסט זיצט מיט אַן ערנסט שטאָלצער מינע און קוקט אָהן אויפהער אין דעם גענגענאיבערדיגען שפּיעגעל און איז קענטיג שטאַרק צופריעדען מיט זיין שעהנעם פנים.

— ביטע, פערטיג! — זאָגט אָן בענדערסאָהן גאַנץ חנפ־ליך און גיעט אַ וואונק צום געהילף. יענער לויפט צו ווי אונ־טערגעשאָסען מיט אַ שטרוי־בערשטעלע און רייניגט דעם גאַסט דעם קאָלנער פון סוררוט, דערלאַנגט איהם דעם פאַלטאָ. דער

גאסט איז דאס אלץ מקבל מיט א מינע פון א מענשען, וואס פער־שטעהט זיין ווערט; ער נעהמט ארויס א קופערנע גריוועניע און דערלאנגט בענדערטסאהנען און א זילבערנעם צעהנערל און דער־לאנגט דעם געהילף — און נעהמ ארויס מיט א שמאלצען „אדיע״...

— א שעהן פדיון, — רעדט בענדערטסאהן מיט כעס.

„טריק־טראק־טריק!״ — שיעסט ווידער א גלאז אויס, נאך דעם גאסט'ס ארויסגאנג.

ביי בענדערטסאהנען לאזען זיך אראב די הענד און ער שטאמעלט קוים אויס:

— עס פלאצט, עס פלאצט!

— דאס איז פון קעלט! — מורמעלט דער ארבייטער.

— ניין, דאס איז פון שלים־מזל! — ענטפערט בענדערט־סאהן און קוקט פערצווייפעלט אויף די צוויי צופלאצטע גלעזער און איהם דאכט, אז דאס גאנצע לעבען זיינס פלאצט, אז דאס געשעפט זיינס פלאצט צוגלייך מיט די גלעזער...

— עס פלאצט, עס פלאצט! — מורמעלט ער פערצוויי־פעלט.

## דאַס אינטעליגענטע הויז.

יאַקאָב מענדעלסאָן רעכענט זיך פון די ערשטע אינטעליגענטען אין שטאָדט. ניט נאָר זיינע נאָהענטע פריינד, אפילו אז א זייטיגער פרעמדער מענש זאָל איהם דאַס ערשטע מאָל דערזעהן, וועט יענער גלייך מערקען, אז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט א מענשען פון דער העכסטער אינטעליגענץ.

און דער אינטעליגענט אין מענדעלסאָנען האָט זיך ווירקליך גלייך געוואָרפען אין די אויגען.

שוין אָבגעזעהן דערפון, וואָס מענדעלסאָן האָט געהאט א בלאַס, צאַרט פנים, ארומגעפאסט מיט א קליין שווארץ צוגעשוירען בערדעל, האָט ער געטראָגען שטענדיג א שווארצען ראָק. דער דאָזיגער ראָק איז געווען אלט, אָבגעטראָגען, האָט שוין געהאט אפילו אין די איילענבויגענס צו צוויי רונדע לאטקעלעך, — אָבער מענדעלסאָן האָט איהם קיינמאָל ניט פערביטען אויף א קורצען רעקעל; ווענינגסטענס האָט איהם קיינער אין א קורצען רעקעל ניט געזעהען.

אָבער מעהר ווי די קליידער האָבען איהם צוגעגעבען אן אינטעליגענטען אויסזעהן די ברילען, וואָס ער האָט שטענדיג געטראָגען, אויסטועענדיג זיי נאָר דאַן, ווען ער האָט דערפיהלט, אז זיי זיינען אביסעל פערצווייגען און שנעל אויסווישענדיג זיי, צוריק אָנטאָן אויף דער לאַנגער נאָז, וואָס האָט געהאט אויבען

א ספעציעל בערגעלע, ווי בעשאפען צוליעב די ברילען, זיי זאלען זיך האלטען.

גאהענטע פריינד האבען געוואוסט, אז מענדעלסאן טראגט ברילען נומער 6, און אז אהן די ברילען איז מענדעלסאן ווי בלינד; און געקומען איז דאס איהם פון שטענדיגען לעזען אין דער קינדהייט און פריהער יוגענד.

זיין ווייב, אננא, אדער ווי ער האט זי גערופען, אניוטקא, האט אויך אויסגעזעהן אינטעליגענטיש ווי ער. געטראגען האט זי שטענדיג א שווארץ קלייד. א דאנק איהר אונענטוויקעל־טער ברוסט און דער גלאטער און פלאכער פריזור האט זי אויס־געזעהן מעהר מאנסביל אלס פרוי.

גאטירליך האט זי אויך א סך אין דער קינדהייט און פריהער יוגענד געלעזען און אויך זי האט געטראגען ברילען, אבער שוין מיט א נומער העכער; עס האט געהייסען, אז אין פערגלייך מיט איהר לעבענס־בעגלייטער איז זי א ווייט־זעהענ־דיגע...

דערפאר אבער איז זיי אריבערגעשטיגען אין התמדה זייער עלטערע צוועלף־יעהריגע טאכטער ליזא. צו אכט יאהר האט זי אנגעהויבען לעזען, און צו צעהן יאהר האט מען איהר שוין געקויפט א פאר ברילען מיט איין נומער העכער פאר דער מאמעס.

טאטע און מאמע האבען געהאט נחת פון זייער קינד, וואס איז געווען אזוי ארטיג. אויסער איהרע ביכלעך האט זי זעהר ווייניג גערעדט און נאך ווייניגער זיך געשפיעלט.

מענדעלסאן, וואס האט וועגען ערציהונג א סך געלעזען, האט אפילו מאנכעס מאל בעמערקט, אז ליזא איז צו שטיל, און צו פיעל איבערגעגעבען די ביכער. לויט ספענסער, האט ער רוהיג געאורטיילט, דארף א קינד זיך פערנעהמען מיט שפיעל־צייג אויך.

אבער שטארק געארט האט דאס איהם ניט, ווייל לויט אנ־

רערע סאציאלאגנען און געלעהרטע איז דאס שפּיעלען פאר א קינד לאו דוקא.

דאס יונגערע קינד, אראנטשיק, וואס האט שוין דוקא ארויסגעוויזען א שטיקעל ניגונג, א חוץ די ביכלעך, אויך צו שפּיעלען זיך, איז אבער געווען קורזיכטיגער ווי טאטע־מאמע און שוועסטער.

און אזוי ווי דער אוינגען־דאקטאר איז געווען זייערער א פריינד, האט ער אויך אראנטשיקען פערשריבען א פאר ברילען, און דער קליינער אראנטשיק האט אין זיי אויסגעזעהען, ווי א פראפעסארל, אזוי אז שפּיעלען זיך אין זיי האט איהם עפּעס ניט געפּאסט. דאס קינד האט עס אונבעוואוסט געפיהלט, און שפּעטער אביסעל האט ער טאקע זיך גענומען מעהרער צו ביכלעך און איז אין דער שול געווען פון די ערשטע שילער...

זייענדיג ניט רייך, האט מענדעלסאן א הינטערשטען צימער פערדונגען אייזיקאוויטש דעם לעהרער. דאס איז געווען א בחור פון א יאהר פינף־און־דרייסיג, א זעהר ערנסט דענקענדער מענש, א שטיקעל שריפטשטעלער, א פיינד פון פרויען און א גרויסער ליעבהאבער פון קונסט...

דער דאזיגער אייזיקאוויטש האט געטראגען ברילען פון איין נומער מיט מענדעלסאנען, און די דאזיגע צופעליגקייט האט זיי זעהר נאהענט געמאכט אין זייערע אנשויאונגען. עס האט אויסגעוויזען, אז זיי זעהען די וועלט דורך איינע און דיזעלבע ברילען.

אמאל פלעגען צו מענדעלסאנען קומען בעקאנטע, די סמעטענע פון דער שטאדטיגער אינטעליגענץ, פארטיי־פיהרער און יונגער שריפטשטעלער.

ריידען פלעגט מען קיינמאל ניט וועגען עפּעס פערזענליכעס. דאס געשפרעך פלעגט זיך שטענדיג דרעהען ארום וועלט, מענש און נאטור.

צוהיצענדיג זיך, פלעגט א מאנכער גאסט, אדער מענדעל־

סאַן אליין, אָדער די פרוי, אראָבנעהמענדיג די ברילען, אויסווישען זיי און גלייך צוריק אָנטאָן אויף דער נאָז. דאָס האָט געהייסען, אז איצט, נאָכדעם ווי די ברילען זיינען אויסגעווישט, ווייסען זיי אלץ און זעהען שוין אלץ.

די צוויי קינדער אין די ברילען פלעגען זיצען אין די ווינקלען מיט אָפענע ביכער אין די הענד, מיט די ברילען אויף די יונגע נעזעלעך און מיט גרויס אויפמערקזאמקייט זיך צוהערען צו אלץ, וואָס די גרויסע מענשען ריידען. און פערשטאַנען האָבען זיי אלץ: זיי האָבען דאָך געטראָגען מיט די נעסט גלייך פון איינע ברילען — היינט פארוואָס זאָלען זיי ניט פערשטעהן?

צושטערען די הארמאָניע פלעגט נאָר דאָס יונגע שטובמיידעל, וואָס פלעגט אריינטראָגען טיי.

אָנקוקענדיג די ברילען־געזעלשאפט, פלעגט זי ווי מבולבל ווערען. זי פלעגט אויף גיך אוועקשטעלען פאר יעדערן דאָס גלאָז טיי, אריינלויפען צוריק אין קיך און פאר איהר געליעבטען, וואָס איז דאָרט געזעסען, — א געזונטער שעהנער יונג מיט טמזרישע אויגען — פלעגט זי דערצעהלען דעם ווילדען וואונדער:

— אוי יאַשקע־לעב, עס איז גישט אויסצוהאלטען! זיצען מענשען ווי די געצקעס און אלע טראָגען ברילען...

און זי צולאכט זיך מיט א געזונטען קלינגענדיגען געלעכטער.

# די פערנומענע גאסען.

אינדערהיים, ביי איהרע אָרימע עלטערן, אינ'ם קליינעם שטעדטעל איז ביילקען געווען ענג. ענג פון דער אָרימקייט און נאָך מעהר פון דער שווערער דיסציפּלין, וואָס האָט אין ענגען שטיבעל געהערשט. דער שלימזלדיגער, נידעריגער, שוואַכער טאַטע, וואָס האָט אויפ'ן גאס א הויך־וואָרט ניט געקענט רייַדען, האָט אין שטוב געקאָמאַנדעוועט ווי אַ גענעראַל, געלערנט, ווי צו שטעהן, ווי צו זיצען און ווי צו עסען, אויב עס איז נאָר געווען וואָס צו עסען, ניט געגעבען קיין ערלויבניש ארויסצוגעהן אויף דער גאס, סיידען ער האָט געפונען, אז דער גאַנג איז אַ נויטיגער. די מאַמע האָט סתם געשאָלטען, אמאָל ביילקען, אמאָל אין דער וועלט אריין. מיט די קלענערע ברידער און שוועסטער האָט ביילקע, חאָטש זי איז געווען זעהר א גוטע, זיך שטענדיג געריסען, געקריגט, ניט וויסענדיג אליין פאר וואָס און פאר ווען...

דערפאר אָבער, אז זי האָט זיך צו אכצעהן יאָהר, אויסלערנענדיג זיך בגנבה פון טאַטען אביסעל רוסיש און נאָך עפּעס, ארויסגעריסען פון דער היים אין דער גרויסער שטאָדט אריין, האָט זי זיך דערפיהלט ווי נייגעבוירען. זי האָט געאָטעמט פריי די שטויביגע לופט פון דער שטאָדט, און איהר האָט זיך געדאכט, אז זי איז ווי גרינגער געוואָרען. האָט בעקומען פלינ־

לען און אַט הויבט זי זיך אויף און פליהט...

אָבער די אָרימקייט, די נגע, האָט זי אהער, אין דער גרויסער שטאָדט, פון איהר היים פערשלעפּט און זי קען פון איהר ניט פּטור ווערען.

די ערשטע צייט האָט זי אין קרעמעל, וואס געפינט זיך אין דערזעלבער גאס פון איהר וואוינונג, געהאט אביסעל קרעדיט. אויף וואָס זעהענדיג האָט איהר די קרעמערין געבאָרגט, האָט ביילקע גיט געוואוסט. מסתמא ווייס דאָך די קרעמערין, וואָס זי טהוט! ביז ביילקע האָט אָנגעבאָרגט ביז צעהן גילדען מיט ברויט, בייגעל און צוקער מיט טיי, און האָט אויפגעהערט אריינצוקומען. זי פלעגט אפילו ווייכען שוין די קראָם. דאָס האָט שוין טאקע דער קרעמערין פערדראָסען: וואָס ווייכסטו נאָך, שאַרלאַטאַנקע דו? האָסט ניט — ווייז זיך כאָטש מיט א מזומנער קאָפּיקע! גישקשה, מיט א מזומענער קאָפּיקע געהט זי צו דער צווייטער קרעמערין אויף יענער זייט טראָטואר!

נאָר די קרעמערין האָט אייגענטליך אומזיסט חושד געווען די עהרליכע ביילקען. אמת, געקויפט האָט זי טאקע ביי דער צווייטער קרעמערין, אויף דעם צווייטען טראָטואר, אָבער ניט פאר מזומן. וואו זאָל ביילקע נעהמען מזומן, אז זי האָט ניט, אז די נ ג ע, די אָרימקייט האָט זי פון דער היים נאָך פערשלעפּט און זי קען פון איהר ניט פּטור ווערען...

די צווייטע קרעמערין האָט אָבער אויך געהאט דעמזעלבּיגען פּסק; ביילקע, פון דער נאַטור א שוואכע, האָט, אָנבאָרגענדיג א געוויסע סומע, ניט געהאט מעהר קיין העזה צו קומען נאָך צו באָרגען; איהר האָט זיך עפּעס געדאכט, אז די קרעמערין קרימט.זיך די לעצטע צייט אויף איהר; און אפשר האָט זיך איהר ניט געדאכט — אפשר האָט זי זיך טאקע גע־קרימט?

פונדעסטוועגן איז נאך נאט ניט געשטארבען. ביילקע קען זיך דערוויייל בענעהן צהן די צוויי קראמען. אויבען ארויף־צו זיינען דא נאך קראמען. מילא נעהם זי ארויף־צו, איז אביסעל ווייטער. וואס וועט זי זשאלעווען — די שיך? און אז זי דארף געהן אין א צווייטע צי א דריטע גאס צום לעהרער, וואס גיט איהר אומזיסט א לעקציע און פארבערייט זי צו א פיער־קלאסינען עקזאמען, געהט זי אויף ארויף־צו, און פון דארטען שניידען זיך נאך צוויי גאסען—איינע רעכטס און איינע לינקס, און פון די צוויי גאסען קען זי שוין ארויסקומען וואוהין זי וויל...

אז עס איז אריבערגענאנגען א קורצע צייט, און אין קרעמעל, וואס האט זיך געפונען אויבען, ארויף־צו, האט זי אנגענומען ביז פינף גילדען, איז איהר גאנצער מוט פערשוואונדען. אין קרעמעל, וואס געפינט זיך אויפ'ן צווייטען טראטואר, דורך וועלכען זי קען נאך ווי עס איז דורכלויפען, אז די קרעמערין פון קעגענאיבער זאל זי ניט בעמערקען, טאר זי ניט נעהמען. דער דאזיגער טראטואר איז איהר איינציגער וועג, וואס פיהרט זי ארויס צום לעהרער און צו א פאר חבר'טעס, וואס וואוינען אין אנדערע גאסען. ד ע ם טראטואר מוז זי היטען ווי דאס אויג אין קאפ...

און ביילקע האט געהונגערט און זיך געהיט צו בלייבען א כשר'ע חאטש אויף דעם איינציגען וועג... ביילקע איז אבער צו שוואך געווען לאנג זיך צו ראנגלען מיט זיך. זי איז דאך איינענטליך נאר נייגצעהן יאהר אלט, מען קען זי דערין ניט בעשולדיגען! אין א פינסטערען ווינטער־אווענד, געהענדיג פון לעהרער אהיים א הונגעריגע, האט זי זיך פערגעסען און האט געבארגט אין דעם קרעמעל פון איהר איינציגען איבערגעבליבענעם טראטואר א קוכען.

אויף מארגען, פארביינעהענדיג דאס קרעמעל, האט זי מעהר קיין מוט ניט געהאט אריינצוגעהן נ א ך עפעס באר־

נען, חאטש זי איז הונגעריג געווען, זעהר הונגעריג. און אויף איבערמארגען האט זי שוין זיך אפילו געשעמט פארבייצוגעהן אויף די קראם פון איהר איינציגען איבערגעבליבענעם טרא־מואר. זי איז געבליבען אהן איין גאס...

און זיצענדיג אין איהר חדר'ל ווי א הונגעריגע ארעס־טאנטין, האט זי געווארפען איהרע בליקען דורכ'ן פענסטער און האט ווי געזוכט א נייע גאס, וואס זאל זי צו דער פרייהייט ארויספיהרען. נאר אויסער די צוויי גאסען, וואו זי האט איהר פרייהייט פערשפיעלט, האט זי קיין נייע ניט געפונען. דער הי־מעל נאר, האט זי בעמערקט, איז ברייט און פריי; האט ניט קיין גאסען און קיין קרעמערין און קיין קראמען...

## די פערצווייפלונג.

די יונגע צוואנציגיעהריגע בערטע, וועלכע ערנעהרט זיך פון לעקציעס, לעבענדיג אליין אין דער גרויסער שטאדט, געהט אויף און אב איבער'ן קליינעם צימערל, אויפ'ן דריטען שטאק, און קען זיך ניט בערוהיגען.

זי איז א „בעל חוב!"

שולדיג איז זי אלעמען, נאהנטע בעקאנטע און ווייטע. אייערנעכטען האט זי געליהען גאר ביי א ווילד־פרעמדען יונ־גענמאן. זי האט איהם נאר איין מאל געזעהן... געליהען האט זי ביי איהם דערפאר, ווייל ער האט געטראגען א שעהנעם מאנטעל און האט רוהיג געשמייכעלט.

— לייהט מיר דריי רובל! — האט זיך ביי איהר ארויס־געריסען פון מויל.

זי האט באלד חרטה געהאט. עס איז איהר געווארען היים אין קאפ, און שיער־שיער האט זי זיך ניט צוריק ארויסגע־חאפט: „איך שפאס עס!" אז דער בעקאנטער אבער האט גלייך ארויסגענומען פון טאש דריי שווערע זילבערנע רובל און איהר איבערגעגעבען, האט זי געזאגט:

— איבערמארגען, העכסטענס זונטאג, בעקומט איהר אייער געלד צוריק!

זי איז באלד אהיים געלאפען און געווארפען זיך אויפ'ן

בעט; זי האָט שטאַרק געוויינט און געריסן זיך די האָר פון קאָפּ. „וואָס האָב איך געטאָן! מאָוס געמאַכט זיך... וועה מיר, וועה מיר!...“

שפּעטער אָבער, אַז די בעל־הבית'טע איז אַריינגעקומען און געפרעגט:

— נו, פרײַלײַן, איהר האָט? — איז זי אויפגעשפּרונגען און האָט איהר דערלאַנגט די דריי שווערע זילבערנע רובל נאָך מיט אַ פּערוויינט, נאַר אַ שמאָלץ פּנים און האָט צוגעברומט:

— נו, וואָס האָט איהר אַזוי מורא געהאַט?...

— מורא? — האָט די בעל־הבית'טע געשמייכעלט — וואָלט איך דאָס פערמעגען, וואָס איך וואָלט אייך געטרויט. איך וויים דען ניט, אַז איהר זענט קוראַנט. מען דאַרף אָבער האָ־בען; אָט איז דער בעל־הבית פון הויז שוין דריי מאָל געווען.

און אָט געהט זי אויף און אָב און קלערט, וואָס מען טהוט נאָך מיט דער קרעמערין. „אַ שטיק גאָלד“ איז זי איהר שולדיג... זי האָט נעכטען פאַר איהר געוויינט: „אַ פּוסטע קראָם האָט איהר מיר געמאַכט, נזלנ'טע... איך בין אַן אלמנה מיט קליינע קינדער...“

און דער קרעמערינס וויינענדיגע שטימע, איהר שנייצען די נאָז און דער גאַנצער קרעמערשער הילוך קענען איהר פון קאָפּ ניט אַרוים.

זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט יענע בערוהיגט:

— מאָרגען, חייקעלע, מאָרגען גיב איך אייך!

— נעווים? — האָט די קרעמערין געפרעגט.

— נעווים! געווים!

מיעד, פערמאַטערט און הונגעריג האָט זי זיך צוריק גע־וואָרפען אויפ'ן בעט און אַריינגעגראָבען דעם קאָפּ אין קישען און ווייטער געוויינט...

די טרעהרען האָבען איהר לייכטער געמאַכט. זי האָט זיך אויפגעהויבען, אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום פענסטער און

איז געבליבען שטעהן פערטראכט, אהן געדאנקען. אין דרויסען האט זיך צושפּיעלט א שטורעם.. זיך אלץ געשטארקט און אנגעהויבען רייסען דעם דאך. זי רוקט זיך צוריק אב אין שטוב און שפּרייזט ווייטער אויף און אב איבער'ן צימער. דער קרעכצענדיגער געשטאלט שוועבט איהר פאר די אויגען, און דאס ברומען פון ווינד בייזערט זיך פאר איהר.

עס פאלט איהר איין, אז אזא שטורעם קען איבערקעהרען דאס הויז... אלע הייזער... זי טראכט: ווען ער שטארקט זיך, קעהרט ער איבער די וועלט... עס וואלט געווען אויס קרעטערין, אויס תובות.

נאר דער ווינד ברומט און ברומט און קלערט גאר נישט איבערצוקעהרען די וועלט...

—וואלט ער האטש די שויבען אויסגעהאקט!

זי שטעלט זיך פאר: דער ווינד האט אויסגעהאקט די שויבען. א גאנצע נאכט פריהרט זי און ווערט אזש קראנק. אינדערפריה קומט די אלמנה. „נו, פרייליין, איהר האט?" און זי ענטפערט איהר: „קוקט נאר אין פענסטער אריין!" די אלמנה קוקט און פרעגט: „וואס?" — „דער ווינד", ענטפערט זי, „האט אויסגעהאקט"... — „אווא"! מאכט די אלמנה און פערגעסט א ווײַלע אן חוב. דערנאך דערמאהנט זי זיך, און עפענט דאס מויל און וויל ווייטער מאהנען, נאר זי זאגט איהר: „און א גאנצע נאכט האט ער געריסען, דער ווינד. אריינגעבלאזען האט ער מיט א קעלט... איך האב מיך שטארק פערקיהלט.. א גאנצע נאכט האב איך געציטערט... עס וועט זיין א קרענק, אפשר א לונגען־ענטציגדונג"... און די אלמנה קריגט רחמנות און שווייגט.

און בערטע שטעלט זיך אב א ווײַלע, געהט דערנאך צו צום פענסטער, האקט אויס צוויי שויבען און מורמעלט ווי משוגע:

— דער ווינד, דער ווינד! אך, ס'אר א שטורים!

# אחן און אדעם.

נעקומען ווידער אין א נייע פרעמדע שטאדט, האט גרשון שיינקינד, און לויט'ן פאלשען פאספארט — אהרן ליפשיץ, זיך געזעצט שרייבען א בריעף אין דעם קליינעם צי־מערל פון ארימען האטעל, וואוהין ער איז פערפאהרען. דער בריעף איז געווען צו א געוועזענעם חבר. קיין שטארקע נויטיגקייט איהם צו שרייבען האט ער נים געהאט, נאר שיינקינד האט מיט'ן בריעף זיך ווי גע־וואלט בעפעסטיגען אויפ'ן נייעם פלאץ... א בריעף איז ביי שיינקינדען אין זיין גלות־לעבען ווי א שיין־צעטעל, וואס ער נים זיך אליין, אז ער עקזיסטירט נאך און האט א שטיקעל פער־בינדונג מים מענשען. יעדעם מאל ווען ער לאזט אראב דעם בריעף אין א קעסטעל, פיהלט ער, אז ער האט אין דער שטאדט, ואו ער האט זיך בעזעצט, געלעגט דעם ערשטען שטיין. קיין פעסטערע און מעהר זיכערע סמנים האט ער ניט געהאט.

דעם בריעף האט ער געשריבען שנעל, אבער גלאט: האט געמאלדען דעם פריינד, אז דא רעכענט ער אביסעל אבצורוהען: די שטאדט האט ער נאך וועניג געזעהן, נאר דער ערשטער איינדרוק איז א גוטער; די גאסען ברייט, און די הייזער גע־בויט אין אן אלטען סטיל, וואס דאס געפעלט איהם אזוי שטארק! צום ענדע בעט ער דעם פריינד, ער זאל איהם גלייך

ענטפערן, ווארום איינענטליך ווייס ער ניט, צי ער וועט דא לאנג פערבלייבען; עס ווענדט זיך, צי ער וועט דא געפינען עפעס א בעשעפטיגונג.

„שרייבען מיר — האט ער געענדיגט דעם בריעף — זאלט איהר אויף פאלגענדען אדרעס".

ער האט אוועקגעשטעלט צוויי פונקטען אין דער לענג און האט שוין געוואלט אנגעבען זיין פריינד דעם אדרעס. נאר דא האט ער זיך פערטראכט.

וואס פאר אן אדרעס גיט מען דא? דא אין האטעל וועט ער בלייבען נאר צוויי־דריי טעג. מיט זיין ניט כשר'ן פאס איז א ריזיקע לענגער צו בלייבען דא... און אגב איז טאקע דער האטעל, ווי ביליג ער איז, צו טייער פאר איהם. ער וועט טאקע דארפען היינט ארויסגעהן הינטערן שטאדט זוכען א שטיל, קליין צימערל אין א פערוואָרפענער געגענד. איהם איז שוין אזוי בעשערט: בעהאלטען זיך פון דער וועלט... ער איז צו ריין און צו פיין, אז ער זאל מעגען וואוינען צוזאמען מיט אלעמען... ער האט קיינעם ניט גענארט, קיינעם ניט בעטראָגען, אויסער דער פאליציי, וועלכער ער גיט שטענדיג אן א פאלשען נאמען. גאט זאל איהם די איינציגע זינד מוחל זיין...

איז וועלכען אדרעס גיט מען אן זיין לעגאלען פריינד?

ער דערמאהנט זיך אן די אדרעסען זיינע ביי אזעלכע פעלען אין אנדערע שטעדט. און אזוי געהט דורך אין קאפ זיין גאנץ לעבען. פאר די גאנצע זעכצעהן יאהר, וואס ער איז אוועק פון דער היים (ער איז דאמאלס אלט געוועזן א יאהר פערצעהן), האט ער אלעמאל געהאט קאפדרעהענישען פון די אדרעסען. אנגעקומען דאס ערשטע מאל אין דער ערשטער פרעמדער שטאדט לערנען, האט ער קיין דירה ניט געהאט, געלעבט און געשלאפען אין בית־המדרש, און די בריעף, וואס ער פלעגט בעקומען פון זיין ארימער מוטער, איז געווען אויפ'ן אדרעס פון ראש־הישיבה. דער ראש־הישיבה איז אפילו געווען א גוטער

איד, נאָר זעהר א פערקלערטער, און ער פלעגט איהם די ליעבע בריוועלעך פון זיין אָרימער מוטער, די אלמנה, אָבגעבען אין א וואָך צוויי אָרום... שפּעטער איז ער אוועק פאַר א סאָלדאַט. געדיענט ערגעץ אין א רוסישער שטאָדט; דאָ האָט ער שוין געהאט אפילו א שטענדיגע דירה — די קאַזאַרמע, נאָר אידי־שע בריעף פלעגט דער אדיוטאַנט פון פּאָלק ניט ערלויבען צו בעקומען, און ער האָט דאַמאָלסט אויך געמוזט שרייבען אויפ'ן אדרעס פון דאָרטיגען רב... נאָר יענע בריעף זיינען שוין געווען ניט פון דער מוטער: די מוטער איז שוין געווען געשטאָרבען. דאָס איז געווען בריעף פון א מוהמען און טאָקע פון דעם פריינד, צו וועלכען ער שרייבט איצט...

שפּעטער, אז ער האָט געענדיגט דיענען, האָט איהם גלייך אריינגעשלעפּט די בעוועגונג. ער איז גלייך געוואָרען טריף און אַלץ געוואוינט אויף פרעמדע פּעסער. ער האָט שוין געהיי־סען חיים בערמאַן און יוסף פונט און געצעל פּישקין און חאָניע העכט... ער איז שוין געווען אַלט זיעבען־און־צוואַנציג יאָהר, און אין א האַלב יאָהר אָרום יונגער געוואָרען מיט גאַנצע זיעבען יאָהר, און אין דריי חדשים אָרום עלטער געוואָרען אויף גאַנצע צוועלף יאָהר, און פאָניע האָט אַלץ געגלויבט...

און אָט איז ער שוין, דאַכט זיך, כשר געוואָרען, געקראָ־גען צוריק זיין אייגענעם פּאַס, דעם אייגענעם נאָמען מיט די איינענע יאָהרען. איז איהם אָבער צו לאַנגווייליג געוואָרען. און ער האָט ווידער פערזינדיגט זיין נאָמען און די צאָהל יאָהרען זיינע און די מנוחה... ווידער געוואַנדערט, פערפאָלגט פון פּאָ־ליציי און שפּיאָנען, פון שטאָדט צו שטאָדט, און אַלץ געביטען די אדרעסען, געביטען אָדער געבעטעלט ביי בעקאַנטע: ער־לויבט מיר צו בעקומען בריעף אויף אייער אדרעס...

דערמאָהנענדיג זיך אָן דעם אַלעמען, האָט איהם אָנגענומען א שרעק: גאָרנישט האָבען אין דער וועלט, אפילו קיין אָד־רעס נישט...

ניין, ער וועט איצט אַנווענדען אַלע קרעפטען צו קריגען אַ שטענדיגען ווינקעל מיט אַ שטענדיגען אדרעס.

און דעם בריעף האָט ער געענדיגט: „איבעריגענס קען איך אייך מיין אדרעס נאָך ניט שרייבען. איך וועל די טעג געפי־נען אַ צימער, וועל איך אייך שוין מעלדען. וואַרט אויף מיין צווייטען בריעף"...

ער האָט אריינגעלעגט דאָס פערשריבענע בויגעלע פּאַפּיר אין אַ קאָנווערט, פערקלעפּט און גענומען שרייבען דעם אדרעס דאָס איז געוועזען איהם אַ נוט בעקאַנטער אדרעס: שוין צעהן יאָהר זייט זיין פריינד וואוינט דאָרט — אַן אַלטער אדרעס! וויפיעל האָט ער, שיינקינד, שוין אויסגעוואָגעלט, געביטען שטעדט, גאַסען, צימערן! און יענער וואוינט נאָך אַלץ דאָרט אין יענער שטאָדט, אין יענער גאַס, אין יענעם הויז, אין יענעם נומער... אַ גליקליכער מענש!...

# מען קויפט נים.

א חמורנער ווינטער נאכמיטאג. אין קליינעם שטאָדט־גאָרטען.

זי זיצט אויף א באנק אין א זייטיגער אלעע, און קוקט אויף יעדען מאנספערזאהן, וואס געהט פערביי. זיי קוקען אבער נים אין איהר זיים.

איינגעוויקעלט אין דער פאטשיילע, מיט דעם בלאסען אב־געלעבטען פנים, מאכט זי אן איינדרוק פון סתם אן ארעמע פרוי. זי פיהלט עס. זי פרובט די פאטשיילע אראבדרוקען אויפ'ן פליי־צע אליין, האט זי אבער באלד צוליעב צוויי טעמים חרטה: ערשטענס איז איהר קאלט און צווייטענס רעכענט זי איז בע־סער, אז דער „גאסט“, ווי עס הייסט ביי איהר לוים געוואהנ־הייט יעדער מאנסביל, זאל בעסער איהר פנים נים אנקוקען. עס איז ניטא וואס! אין קיין שפיגעלע האט זי שוין אפילו פון א יאהר נים אריינגעקוקט, נאר פערביינעהענדיג נעכטען בגנבה א רייכע גאס, האט זי אין א גרויסען פענסטער דערזעהן איהר פנים. מיט אזא פנים ליעגט מען אין הקדש — האט זי זיך אליין געריצט — ווי קומט זי נאך צו טראכטען פון א גאסט!

פון דעסטוועגען האפט זי נאך אויף א שכור... א שכור, ווייס זי, איז נים קיין גרויסער איבערקלויבער. פאר א יאהרען, אז זי איז ארוים פון האספיטאל האט נאך ערגער אויסגע־

זעהן, פון דעסטוועגען האט זי גלייך אויף מארגען געקריגען א גאסט פאר א גאנצען רובעל, גאר ווי אמאל אין די גוטע יאה־רען, ווען זי איז ביי א בעל־הבית'טע געווען. אמת, דער גאסט איז געווען שכור ווי לוט, ער האט זי פערמוטשעט, אבער פארט א רובעל.

נאר אלע דורכגעהער זיינען ניכטער. עס איז איהר א גרויסער חדוש, און א גרויסער וועהטאג. א מיאוסע וועלט געווארען: אלע האבען אויפגעהערט צו טרינקען. עס געהט אונ־טער איהר פרנסה...

שא, אט געהט איינער עפעס פרעהליך. ער קוקט אויף איהר. זי רוקט אראב די פאטשיילע. א שאד וואס זי האט קיין פודרע ניט. אהן פודרע קען מען טאקע ניט וויסען ווער זי איז, מען קען זי רעכענען פאר אן עהרליכער... אן אונגליק אהן פודרע. די ביסעל פודרע — דאס איז א שילד ווי אויף א מא־גאזין: דא פערקויפט זיך דאס און דאס... יעצט, אז זי וועט פערדיענען דעם ערשטען גילדען מוז זי קויפען פודרע...

דער פרעהליכער גאסט געהט פערביי. ער דערקענט זי ניט... שא, זי וועט א זונג טהאן, וועט ער פערשטעהן.

— טראל — טראל!...

א ווינד פערשטיקט איהר דעם אטהעם און זי קען קיין קלאנג ניט ארויסלאזען. דער „פרעהליכער" איז אריבער גע־גאנגען.

— וואס זאל זי ווייטער טהאן? זיצען אויף דער באנק ווייטער און ווארטען! ניין! עס איז א שלימזלדיגע באנק. זי וועט דא גאר נישט האבען. זי וועט איבערגעהן אויף יענער באנק. דארט געהען מעהר מענשען, דארט קען איהר דער איי־בערשטער עפעס צושיקען. אויף יענער באנק איז אבער ניט ווייט דער סטאַיקאַווע מיט די גרויסע בייזע וואנסען. ער וועט זי נעהמען אין צערקיל. ביי נאכט וואלט אפילו ניט געשאדט אין צערקיל איבערנעכטיגען, דארטען מוז זיין גאנץ ווארעם,

ביים טאָג איז אבער א שאָד, טאָמער מאכט זיך פאַרט וואַסער גילדען — זי וויל שוין גוט עסען... עס דרעהט זיך איהר שוין דער קאָפּ. א הונגריגע וועט זי געוויס קיין גאסט ניט געפי־נען. א גאסט האָט ליעב א פרעהליכע...

זי הויבט אָן רוקען די האנד אין טאַש פון קליידעל, כאָטש זי איז זיכער, אז זי וועט דאָרטען גאָר נישט געפינען...

— שאַ, אָט געהט נאָך איינער, וואָס קוקט אויף איהר. ער קוקט שטארק... טראָל — טראָל... טראָל... הייבט זי אָן... יענער געהט צו, מאכט א רחמנות מינע און פרעגט:

— אפשר ווייסט איהר ניט, כאַבישע, ווי געהט מען דאָ אויף דער מעד־גאָס?

ליעגט ער אין דר׳ערד מיט דער מעד גאָס. כאַבישע רופט ער זי גאָר. זי וואַרט אויף א גאסט און ער רופט זי באָבע. ער קוילעט דאָך זי אוועק... ער נעהמט דאָך אוועק איהר ברויט...

— ברעכט דעם קאָפּ מיט דער מעד גאָס! שילט זי. ער האָט זי דערמאָנט אזא רייכע גאָס. אמאָל פלעגט זי דאָרטען שפּאַצירען... איצטער...

איצטער איז זי שוין טאַקע אלט! זי מוז האָבען נויטיג פודרע און פון דער פּאַטשיילע פּטור ווערען. די פּאַטשיילע מאכט איהר אלט... זי וועט זי פערקויפען. שוין פערקויפט זי זי.

דאָס איז דאָך א גליקליכער פּלאַן! זי קען נעהמען א רו־בעל אוודאי. א רובעל, א רובעל! זי וועט גלייך געהן עסען און קויפען פודרע... זי וועט ווערען אינגער. און זי איז דאָך טאַקע ניט אלט... „ווי אלט דען בין איך?“ זי וויל זיך דערמאָנען ווי פיעל זי איז אלט. נאָר זי קען ניט, זי האָט פערגעסען! אלע יאָהרען איהרע האָבען זיך ווי צומישט און זיינען געוואָרען עפּעס א שטיק שוואַרצעס און זי קען ניט כאַפּען די צאָהל און די מאָס, זי ווייס נאָר, אז זי האָט אבגעלעבט א שוואַרצען שטיק לעבען...

אבער די פאטשיילע טראגט זי שוין פערקויפען. שוין טאַקע. און טאמער וועט זיין קאלט? דערשרעקט זי זיך.

זי פּרובט מאכען א פּראבע: זי נעמט אין גאנצען אראב פון זיך די פאטשיילע און האלט עס אין האנד און זיצט אזוי.

זי שמועסט זיך איין, אז עס איז פיעל שעהנער. זי וואלט וועלען א קוק טהאן אין א שפּיגעלע, זעהן ווי זעהט זי אויס אהן דער פאטשיילע. א שאד וואס דאס טייכעל אין גארטען איז פערפרארען. אין טייכעל פלעגט זי אלע מאל אריינקוקען, פלעגט זי זיך זעהן פונקט ווי אין א שפּיגעל.

די פאטשיילע טראגט זי שוין פערקויפען. און טאמער וועלען האפען גרויסע פרעסט? שטעלט זי זיך ווידער אב אין מיטען וועג.

זי וואלט חאטש וויסען וואס פאר א חודש איז היינט! שבט — ווייס זי, איז די גרעסטע פרעסט. עס מוז שוין זיין שבט. ווי לאנג דער ווינטער ציהט זיך! שוין אויך א גרויסער שווארצער שטיק.

עט! זי וועט פערקויפען די פאטשיילע. זי דארף קיין פאַטשיילע ניט. זי האט זי פיינט!...

אט דערזעהט זי א הענדלער מיט א זאק אונטער'ן ארים.

זי כאפט אראב די פאטשיילע. וויקעלט עס איין, ווי א שטיקעל סחורה און לעגט פאר:

— קויפט ר' איד, א גוטע פאטשיילע.

— א געגנב'עטע, וואס? — קוקט אויף איהר דער הענדלער.

— מיינע שונאים זאלען גנב'נען! — בעליידיגט זי זיך — איך בין אן עהרליך־מיידעל.

— א מיידעל?... וואונדערט זיך דער הענדלער: איך האב געמיינט, איהר האט שוין אייניקלעך.

זי פיהלט, אז יעדעס ווארט פון הענדלער פאטשט איהר און זי שטעלט זיך פאר, אז די באקען מוזען זיין ביי איהר אזוי

רויט ווי אין די גוטע יאָהרען.

— נו, קויפט...

— איך האַנדעל ניט מיט פּאַטשיילעס. — ענטפערט דער הענדלער טרוקען.

דאָס איז עפּעס גאָר אַ מאָדנע זאַך. אַלץ קויפען זיי, נאָר ניט קיין פּאַטשיילעס. פאַר וואָס? זי פיהלט, אַז עס איז אַן עולה. אַ פּאַטשיילע איז קיין סחורה ניט, — וואָס?

זי האָפט, אַז זי וועט אין דער „בילינגער" גאַס פערקויפען. זי טראָגט אַהין.

— קויפט אַ פּאַטשיילע! — שלאָגט זי פאָר.

— מיר קויפען ניט קיין פּאַטשיילעס, הערט זי אַן ענט־פער.

זי טראָגט אין אַ צווייטען געוועלב.

— קויפט אַ פּאַטשיילע...

— נעהט אייך, נעהט אייך, מען דאַרף ניט! —

און אַ פערשעמטע נעהט זי אַוועק מיט דער פּאַטשיילע צוריק אין קליינעם גאַרטען, און מיט אַ קללה אויף די ליפּען, זוכט זי קונים אויף זיך.

נאָר זי קויפט מען אויך ניט...

# די מלכּה.

אַ גאַנצען ווינטער האָט זיך אַראָנאָוויטש אַרומגעדרעהט ווי אַן איבעריגער אין דער גרויסער פרעמדער שטאָדט: די מאַטעריעלע נויט, וואָס איהם איז אויסגעקומען דאָ צו ליידען, האָט איהם ניט אַזוי געדריקט, ווי די איינזאַמקייט. ער האָט אפילו געהאַט אַ פּאָר בעקאַנטע, נאָר די בעקאַנטע זיינען דוקא געווען בעשעפטיגט, ווער מיט לעקציעס, ווער מיט בוכהאַלטע־ריע. ער נאָר אַליין איז געווען פריי כמעט דעם גאַנצען טאָג. אין דעם קליינעם קאַפּע־הויז, וואו ער איז געווען כמעט אַ תושב, פלעגט ער אַמאָל כאַפּען אַ שמועס מיט די שכנים ביי איין טישעל, נאָר דאָס רוב זיינען עס געווען יונגעלייט פון גע־שעפטען, און זייערע מיינונגען און אַנשויאונגען האָבען איהם ניט אינטערעסירט און ניט צופריעדענגעשטעלט; זיין האַרץ האָט געדורשט נאָך אַ שטיל, אויפריכטיג וואָרט, און דאָ אין קאַפּע־הויז האָט מען גערעדט הויך און גרילציג, און די טעמע איז געווען געשעפט און געלד. אמת, אַמאָל פלעגט מען דאָ הערען אויך ריידען וועגען פרויען. נאָר אַראָנאָוויטש, וואָס האָט די פרוי געהאַלטען פאַר זיין העכסטען אידעאַל, פלעגט פערציטערט ווערען, ווען איהם פלעגט אויסקומען צו כאַפּען אַמאָל אַ וואָרט פון אַ געשפּרעך וועגען פרויען, וואָס עס פלעגט פאָרקומען דאָ אין קאַפּע־הויז.

ער געדענקט נאָך דעם ענטפער, וואָס א שכן פון איין טי־שעל האָט איהם געגעבען אויף זיין בעמערקונג וועגען דער שעהנער שלאנקער קעלנערין.

דערמאָהנענדיג זיך יענעמס ענטפער, פלעגט ער א לאנגע צייט נאָך דעם רויט ווערען און פלעגט ביי יעדען מאָל ארויס־מורמלען:

— גראָבע ציניקער!

געלעבט האָט ער נאָר מיט די בריעף, וואָס ער האָט בע־קומען פון דער היים, איבערהויפט די בריעף פון זיין ליבער גוטער שוועסטער, וועלכע האָט איהם געשריבען א סך און פול מיט אינהאלט. די דאָזיגע בריעף פלעגט ער לעזען אלע אבענד, קומענדיג אין זיין קליין צימערל. דאָס צימערל איז געווען קליין, און זיין קאָפּ איז געוועזן פול מיט טרוימען און פערלאנ־גען און בענקשאפט, אז אראָנאָוויטשען פלעגט זיך דאכטען, אז דאָס צימערל האָט קיין פּלאץ ניט פאר אזוי פיעל טרוימע־רייען, און ער פלעגט איינגראבען דעם קאָפּ אין קישען און איינשלאָפען...

שטארקער איז אבער געוואָרען זיין בענקשאפט אין די ערשטע טעג פון פריהלינג. די ערשטע זונען־שטראהלען האָ־בען ווי צושמאָלצען דעם גאנצען טרויער, וואָס האָט זיך אין לאנגען קאלטען ווינטער אנגעקליבען און פערגליווערט געוואָרען אין איין שווערען שטיק... דער טרויער האָט זיך זיס און שטיל צוגאָסען איבער זיין גאנצען קערפּער, און שטונדען־לאנג פלעגט ער אבזיצען אין שטאָדט־גאָרטען און טראכטען פון זיין היים, פון דעם ליעבען קליינשטעדטעלע, וואו מען ווייס ניט פון פריהלינג, נאָר פון ערב־פּסח, וואָס זיין הו־הא טראָגט אריין אזוי פיעל גליק און האָפענונגען אין די הערצער פון די דאָרטיגע קליינע און אָרימע, אָבער ליעבע מענשעלעך...

ווען ער וואָלט ניט קלאָר געוואוסט די לאגע פון זיינע היימיגע, וואָלט ער זיך אָבגעשעמט און אָנגעשריבען: „מיינע

טייערע, איך בענק נאָך אייך, נאָכ'ן שטעדטעל, נאָכ'ן פסח. שיקט מיר עטליכע רובעל, און איך קום צו פליהען!"

ער האָט אָבער געוואוסט, ווי שווער דאָס וואָלט פאַר זיי געווען און ער האָט זיך בעגנוגענט נאָר מיט'ן פאַרשטעלען זיך זיינע ליעבע און זיין היים אין געדאַנק...

---

ערב פסח האָט ער געטראָפען זייגע צוויי געהנטערע בעקאַנטע — הערמאַן און באַרים. דאָס זיינען געווען העברעאישע לעהרער. איינער פון זיי, הערמאַן, האָט געהאַט א נייגונג צו שרייבען ליעדער. אראָנאָוויטשען זיינען זיינע ליעדער געווען געפעלען פאַר זייער אינהאַלט: דאָס זיינען געווען ליעדער, וואו עס האָבען געקלונגען צאַרטע, איידעלע טענער פון ליעבע, איין ליעדעל האָט אראָנאָוויטש זאָגאַר איבערגעשריבען און עס אויסגעלערנט אויף אויסווייניג. הערמאַנען האָט עס שטאַרק הנאה געטאָן און דערפאַר איז ער געווען צו איהם צוגעלאָזט.

— נו, וואו זענט איהר צו די סדרים? — האָט איהם הערמאַן פריינדליך געפרעגט.

און באַרים האָט פריינדליך איבערגעפרעגט:

— וואו זענט איהר טאַקע צו די סדרים?

אראָנאָוויטש, גערירט פון דעם פריינדליכען נאָכפרעגען, האָט מיט א גוטען שמייכעל געענטפערט:

— וואו בין איך געווען צו כל־נדרי? — אין גאָרטען...

— ניין! — האָט זיך הערמאַן אָבגערופען — יום־כפור איז עפּעס אַנדערש; יום־כפור זיינען מיר אַלע אין גאָרטען. אָבער פסח מאַכען מיר א סדר — מיר א פינף יונגעלייט. איהר וועט זיין א זעקסטער...

— איך נעהם אָן די איינלאַדונג מיט פרייד! — האָט אראָנאָוויטש זיך אָנגעכאַפּט — איך האָב דעם סדר אין דער חיים זעהר ליעב געהאַט.

ער האָט זיך פערטראַכט, ווי ער וואָלט וועלען אויסיס־

רופען אין זיין פארשטעלונג יענעם סדר פון דער היים... פאר־שטעלענדיג זיך דעם סדר מיט אלע קליינינקייטען, האט ער גע־פרעגט מיט א שמייכעל:

— ווער מען אויך זאגען די הגדה?

— נאך ווי זאגען! — האט הערמאן אויסגערופען — פון „כהא לחמא" ביז „חד־גדיא"!

— אויב אזוי, קום איך צו אייך.

און אראנאוויטש האט זיך צושיידט מיט די צוויי בע־קאנטע, נעהמענדיג דעם אדרעס, וואו דער סדר וועט פארקו־מען...

---

דער סדר איז פארגעקומען ביי הערמאנען; ער איז גע־ווען דער רייכסטער פון די פינף יונגעלייט; אויסערדעם האט ער געהאט א לעקציע ביי א וויין־הענדלער, און יענער האט איהם געשענקט צוויי פלאש וויין.

דאס טישעל, וואס איז געווען בעדעקט מיט גרויסע ציימונגען, איז געווען פול אנגעשטעלט: די צוויי פלעשער וויין מיט די אידישע בוכשטאבען „יין לפסח" האבען פרייגדליך און יום־טוב'דיג צוגעוואונקען. די דריי מצות, איבערגעדעקט מיט א ווייס טיכעל, האבען געגעבען אן עכטע אילוזיע פון א סדר.

אז אראנאוויטש איז אריינגעקומען, זיינען שוין אלע גע־זעסען ארום דעם טישעל מיט די הגדות אין די הענד און האבען פרעהליך געשמועסט.

ער האט פערשעמט אויסגערופען:

— א גוט יום־טוב!

די יונגעלייט האבען איהם אלע ווי אין איין קול אבגע־ענטפערט:

— א גוט יאהר! א גוט־יאהר!

— זעצט זיך! — האט הערמאן, אלס בעל־הבית, זיך אויפגעשטעלט און איהם מקבל פנים געווען.

אראנאָוויטש האָט בעטראכט דעם טיש מיט די געסט ארום און האָט גוטהערציג בעמערקט:
— אן עכטער סדר!

— וואס דען מיינט איהר! — האָט באָריס אָבגעענט־פערט, — פאר געלד, זעהט איהר, קען מען אלץ קריגען.
— אָבער ניט קיין מלכּה! — האָט הערמאן געשמייכעלט.
— א מלכּה פעהלט דאָ טאָקע! — האָט איינער פון די איינגעלאדענע, א בלאסער יונגערמאן מיט פרעהליכע שווארצע אויגען, נאָכגעגעבען.

— יאָ, יאָ, א מלכּה פעהלט דאָ: פינף מלכּים און קיין איין מלכּה ניט! — האָט באָריס בעשטעטיגט.
און כאָטש דאָס איז אלץ בעמערקט געוואָרען ווי אין שפּאס, האָבען דאָך די אלע בעמערקונגען וועגען א מלכּה טרויעריג געשטימט די געסט. איבערהויפּט איז דאָס געווען קענטיג אויף אראָנאָוויטשען. זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט א מאָדנע בענקשאפט און זיינע ליפּען האָבען געציטערט אין די ווינקלען, ווי ער וואָלט וועלען עפּעס זאָגען...
ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דעם יונגען מיידעל, וואָס שפּאצירט ארום אלע אָוועגד אין יענער גאָס, וואו ער וואוינט... א קליין אָרים בעשעפעניש. ער קען זי זייט איינינע חדשים. ער האָט מיט איהר א פּאָר מאָל גערעדט, און כאָטש געגאנגען מיט איהר אהיים איז ער קיינמאָל ניט, פלעגט ער איהר שטענדיג זאָגען „גוטען־אָוועגד“, פערגעסענדיג, ווער זי איז און מיט וואָס זי בעשעפטיגט זיך.
און פאָרשטעלענדיג זיך אין געדאנק ווי אזוי דאָס דאָזיגע איינזאמע מיידעל דרעהט זיך ארום איינע אליין אין דער ווינטער גאָס, האָט איהם ארומגענומען א געפיהל פון רחמנות צו איהר און א בעגעהר אריינצונעהמען זי אין דער דאָזיגער גע־זעלשאפט האָט איהם אינגאנצען בעהערשט...

דער געראנק איז געווען צו פיעל געוואגט, דאך האט ער ווי ניט קענענדיג בעהערשען זיך אליין, זיך אנגערופען:

— איך וואלט, אויב איהר וואלט ערלויבט, געבראכט אהער א מלכה אויך: אן ארים יונג מיידעל.

— מיט'ן גרעסטען פערגניגען! — האט הערמאן אויס־געשריגען!

— זי וועט אבער אפשר פערלאנגען בעצאהלט...

— אף, איהר מיינט פון יענע גאסען־מלכות, — האט הערמאן זיך ווי דערשראקען — א, זי וועט קאליע מאכען אונ־זער סדר...

— ס—ס'איז אבער אן איינפאל! — האט באריס גע־לאכט — איך וואלט געווען פאר דעם! עס וועט זיין זעהר אינטערעסאנט.

— וועט זי אבער געהן? — האבען די איבעריגע יונגע־לייט איבערגעפרעגט.

— זייט מיר ניט חושד, אז איך קען זי נאהענט.. איך האב מיט איהר גערעדט א פאר מאל אין גאס. זי איז אן ארים אידיש מיידעל... זי איז אונזערע א שוועסטער און זי וועט געהן... אזוי דאכט מיר.

— זאל מען ברענגען די מלכה אהער! — האט הערמאן בעשליסענדיג אויסגערופען.

און ניט ווארטענדיג אויף דער הסכמה פון די איבעריגע, איז אראנאוויטש ארויסגעלאפען פון צימער און געלאזען די געסט אין א זונדערבארער ערווארטונג...

---

געטראפען האט זי אראנאוויטש אין ראג גאס, איינגע־הילט אין א טוך, ווי זי וואלט זיך געשעמט צו ווייזען איהר פנים פאר דער פסח'דיגער נאכט... דערזעהענדיג אראנאוויטש'ן האט זי צו איהם א שמייכעל געטאן און מיט א געמאכטער פרעכהייט זיך אבגערופען:

— קומט פראווען צו מיר דעם סדר...

דער ציניִשער אויסדרוק האט ארגאנאוויטשען א שניט גע־טהאן אין הארץ. דאך איז ער צו איהר צוגעגאנגען און זעהר ווייך געזאגט:

—צו אייך, ווייסט איהר דאך, געה איך נים. אויב איהר ווילט זיך דערמאהנען אייער היים, וועלכע איהר האט ערגעץ געווים, קומט מיט מיר. מיר, עטליכע יונגעליים, פראווען דא אין דער צווייטער גאס א סדר. מיר האבען בעשלאסען איינ־צולאדען אייך ווי א שוועסטער צום סדר, אבער נאר ווי א שוועסטער, איהר פערשטעהט....

זי האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט, אבער מיט צו־טרוי און האט געענטפערט:

— פאר אזוינע פערגעניגענס האב איך קיין צייט נים.

— מיר וועלען אייך בעצאהלען! — האט ארגאנאוויטש, שעמענדיג זיך פאר זיינע אייגענע ווערטער, קוים ארויסגע־רעדט.

—אויב אזוי, קומט! — האט זי בעשליסענדיג געזאגט און האט איהם גענומען אונטער דער האנד.

זיי זיינען געגאנגען א ווײלע שווייגענדיג, נאכהער האט ער זיך אבגערופען:

— איהר וועט זיין א מלכה ביי אונז... איהר פערשטעהט.

— א מלכה... ווי קום איך צו א מלכה?...

— איהר קומט, איהר קומט! איהר זיינט די איינציגע מלכה, וואס מיר קענען זיך פערגינען...

זי האט נאר נישט געענטפערט.

---

אז די טיר האט זיך געעפענט און דערזעהענדיג ארגאנאָ־וויטשען מיט דער מיידעל, האט הערמאן ווי איבערראשט אויס־גערופען:

— די מלכה איז דא! די מלכה איז דא!

די יונגעלייט האָבען זיך אויפגעשטעלט און איינער האָט זי בענריסט.

— עס זאָל לעבען אונזער מלכה! האָך!

— הורראַ! — האָבען די איבעריגע אויסגערופען מיט אמת'ער התלהבות.

אראַנאָוויטש איז געשטאַנען, און טרערען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען, דערזעהענדיג פאַר דער ליכ־טיגקייט פון צימער די צוויי שעהנע שוואַרצע אויגען פון דעם גאָסען־מיידעל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען צימער א פער־שעמטע, אָבער, קענטיג, א צופרידענע און א גליקליכע פון דעם לוסטיגען שפּיעל.

— ברידער! — האָט ער אויסגערופען בעגייסטערט — זעהט, ווי שעהן אונזער מלכה איז!

— שעהן איז אונזער מלכה, ווי א רויז! — האָט הערמאַן שיר השירים'דיג אויסגעזונגען און די איבערינע האָבען אונ־טערגעכאַפּט:

— זי איז ווירקליך א העדליך קינד!

דאָס מיידעל איז געשטאַנען אין מיטען צימער און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. זי האָט נאָר קינדיש געשמייכעלט, און נים נאָר די יונגעלייט, נאָר אויך זי האָט פערגעסען, ווער זי איז: זי האָט זיך דערפיהלט ווי אָבגעוואַשען פון אלע זינד.

# אויפ'ן גרינעם גראז.

בערמאן, א בוכהאלטער אין א גרויסער קאנטאר, א יונ־גערמאן מיט א מיטעלמעסיגער בילדונג, מיטעלמעסיגען גע־האלט און גרויסע פערלאנגען, איז געפאהרען אויף צוויי וואכען אויף א זומער־וואוינונג, א האלבע שעה רייזע פון ווארשוי. איי־דער ער האט בעקומען דעם מאנאט אורלויב ביי זיין פרינציפאל, האט זיך איהם די זומער־וואוינונג, מיט גרויסע געדיכטע ביי־מער, מיט דער פרישער לופט, און איבערהויפט — די רוהיג־קייט, פארגעשטעלט פאר דאס גרעסטע גליק אין דער וועלט. אז ער האט זיך אבער דא בעזעצט אין א קליין צימערל, וואס א פאמיליע האט איהם אבגעטראטען פאר צעהן רובל א חודש, וואו אינוויינינג איז געווען ענג און דושנע, און ער פלעגט דער־פאר ליגען, זיצען און אומשפאצירען א גאנצען טאג אין וואלד, זיינען איהם די ביימער און די רוהיגקייט נמאס געווארען. אז אומעט האט זיך בעזעצט אין זיין ברוסט און האט עפעס גענאגט און געפאדערט.

ארום איהם האבען אפילו געוואוינט פיעלע פאמיליעס, וואס האבען פערמעגט שעהנע יונגע פרעהליכע טעכטער. נאר ער איז מיט קיין איינער פון זיי ניט בעקאנט געווען, האט ניט גע־וואוסט, ווי אזוי מען הויבט דאס אן, און פלעגט זיך נאר וואונ־דערן, ווי אזוי אנדערע יונגעלייט, ארימערע, אונגעבילדעטע און

גיט שעהנערע פון איהם זייגען מיט זיי אזוי נאָהענט, געהען צוזאמען לאכענדיג, ארומגענומען און פערשווינדען, ווייט צווי־שען די געדיכטע ביימער.

דאן פלעגט איהם אנשטאט אומעט אנהויבען נאָגען א בענקשאפט נאָך ליעבע. און ער האט בעשלאָסען, אז אהן דעם האט קיין זאך ניט קיין ווערט.

צייטענווייז פלעגט איהם איינפאלען א געדאנק — ער וועט כאטש צוגעהן צו דער שטוב־מיידעל, וואס געפינט זיך ביי הער פאמיליע, וואו ער וואוינט, און וועט מיט איהר וועי־רען נאָהענט, געהן מיט איהר שפאצירען צווישען די ביימער, קו־שען זי, האלזען, — און ווער וויים וואס די פאנטאזיע האט איהם נאָך געמאָלט, פון וואס דאס בלוט פלעגט ווי פייער ווע־רען און ברעגען איהם דעם גוף מיט דער נשמה...

נאר אפילו מיט דעם דאָזיגען ארימען דערשלאָגענעם מיי־דעל, וואס פלעגט אלע אָוועגד צו איהם קומען אין צימער און אויסבעטען דאס בעט און אלע פריהמארגען, ווען ער פלעגט נאָך אין בעט ליגען, די אויסגעפוצטע שיך ברענגען, — אפילו צו איהר האט ער ניט געוואוסט, ווי אזוי צוצוגעהן...

„מעהר ווי מיט די גאסען־מיידלעך וואג איך ניט“... פלעגט ער זיך אליין מוסר'ן פאר זיין שעמעוודיגקייט און מוטלאָזיג־קייט, — „פאר געלד בין איך א העלד...“

און ביי דעם דאָזיגען געדאנק פלעגט ער זיך שטענדיג דערמאָהנען אָן העלענקען, א יונג, פרעהליך מיידעל, וועלכע ער האט מיט א האלב יאָהר צוריק אין א פערוואָרפענעם געסעל גע־טראפען, און בעזוכט זי, זייט דעמאָלט פון צייט צו צייט...

די דאָזיגע העלענע איז איהם אזוי געפעלען געוואָרען, אז די ערשטע צייט פלעגט ער איהר יעדעס מאָל פאר'ן אוועקגאנג זאָגען מוסר און בעטען זיך ביי איהר, זי זאָל פון דאנען אנטלויפען. — ער האט אויף איהר גרויס רחמנות.. הע־לענקע פלעגט ערנסט אויסהערען, צוזאָגען איהם, אז זי וועט

נאָר אָנקלייבען אביסעל געלד אויף אָבצוצאָהלען דער בעל־הבית'טע, און וועט געווים, מיט גאָטס הילף, פון דאנען ארויס...
און נאָך איהר הבטחה פלעגט זי איהם ארויפלעגען די האנד אויפ'ן פלייצע און פלעגט ליעבליך בעטען:

— אבער דערווייל שענק מיר בעזונדער אויף קאַווע...

און בערמאַן, מיט א מינע פון א פערליעבטען, פלעגט איהר שענקען בעזונדער גאַנצע 20 קאָפּיקעס, חוץ דעם בעשטימטען פּרייז...

---

איינמאָל בלאָנזשענדיג אליין אין וואלד און בענקענדיג נאָך ליעבע, איז איהם איינגעפאלען א געדאנק — ער וועט פאָה־רען אין ווארשוי און ברענגען אהער העלענקען אויף א גאַנצען טאָג...

אָנפאנג איז איהם דער געדאנק אויסגעקומען ווילד: וואָס הייסט? ער וועט בעצאָהלען פאר געזעלשאַפט אזוי פיעל געלד! עס איז דאָך פשוט נישט־נאָרמאַל. אבער וואס מעהר ער האָט דעם געדאנק פאר נישט־נאָרמאַל געפונען, אלץ מעהר האָט ער איהם ניט געלאָזט רוהען. די פאנטאַזיע האָט איהם געמאָלען פערשידענע בילדער, ווי אזוי ער וועט מיט העלענקען אומגעהן אין אלע וועגעלעך, אין אלע שטעגעלעך, ווי מיט אן אמת'ער גע־ליעבטער, אזוי ווי עס געהען אום א סך יונגעלייט מיט זייערע „פריילינס". קיינער דארף דאָך ניט וויסען, אז זי איז פון אזא „הויז". זי זעהט דאָך אוים אזוי יונג און צניעות'דיג. דערצו וועט ער בעטען, זי זאָל זיך אָנציהען וואָס בעשיידענער, און דאמאָלס איז זי ניט צו דערקענען. ער וועט זי נאָר בעטען, זי זאָל איהרע האָהר אין צעפּ פלעכטען. אך, צעפּ האָט ער אזוי ליעב! ער אליין וועט פערגעסען, ווער זי איז. ער וועט א טאָג האבען א שעהן יונג מיידעל... א גאַנצען טאָג וועט זי איהם, איהם אליין געהערען... אמת, ער וועט איהר דערפאר בעצאָה־לען... נו, וואָס איז... און א ווייב צאָהלט מען דען איינענטליך

ניט... עס נעהט דאָך נאָר אין דער פאָרם, איז אז ער וויל שפּיים ער אויף דער פאָרם...

און אויף מאָרגען איז בערמאַן נעפאָהרען קיין וואַרשוי און איז גלייך אוועק צו העלענקען.

עס איז געווען דריי א זייגער בייטאָג, ווען ער איז אריין אין הויז, וואו העלענקע האָט זיך געפונען. אויף די שמוציגע שמאָלע און קרומע טרעפּ האָט ער בעגעגענט די ווירטין, א דיקע, ברונעטע פרוי, מיט א פערשייטען בליק. בערמאַנען האָט זי שוין גוט געקענט, און האָט איהם נעהאַלטען פון די בעסערע געסט. דעריבער האָט זי איהם אבגעשטעלט און געפרעגט:

— איהר נעהט צו העלענקען?

— יאָ... נאָר נישט אויף בלייבען דאָ... איך וויל זי מיטנעהמען צו מיר...

— צו אייך?... — האָט די ווירטין געפרעגט — צו וואָס?

— פערשטעהט איהר מיך... איך וואוין אויף א זומער־וואוינונג... ס'איז זעהר אומעטיג... איך וואָלט וועלען האָבען העלענקען אויף א טאָג... איך וועל בעצאָהלען!...

— נו, אייך געטרוי איך זי, — האָט די ווירטין געענטפערט... — אבער עס וועט אייך קאָסטען די חתונה 15 רובל...

— אפשר גענוג 10? — האָט בערמאַן, שוין דרייסטער ווערענדיג, זיך געפּרובט דינגען.

— אך, וואָס רעדט איהר? — האָט די ווירטין זיך אנגעכאַפּט, — 15 רובעל פאַר א גאַנצען מעת־לעת! פאַר א נאַכט נעהמט זי דאָך 5 רובעל...

— מילא... — האָט בערמאַן ארויסגערעדט, — זאָל זיין 15! וואו איז זי?

— זי איז דאָ. העלענקע! — האָט די ווירטין א רוף געטהאָן.

באַלד איז פון א טיר אין לאַנגען קאָרידאָר ארויסגע־

שפרונגען א יונג שעהן מיידעל מיט בלאָנדע פונאַנדערגעלאָזענע האָהר אויף די האַלב־נאַקעטע אקסלען און אין א פּאָר שטעקשיך אויף די ווייסע באָרוועסע פיס.

— העלענקע! — האָט בערמאַן איהר אויסגעשטרעקט די האַנד.

— א, „שוואַרצער“! וואָס מאַכט איהר! — האָט זי איהם פרעהליך געענטפערט, — וואו זענט איהר געוועזן אזוי לאַנג?

— דער הערר וואוינט אויף א זומער־וואוינונג... ער וויל דיך נעהמען אויף א טאָג, — האָט די ווירטין פאַר בערמאַנען געענטפערט, — ווילסט?...

— אויף א זומער־וואוינונג... אויפ׳ן גרינעם גראָז... — האָט העלענקע געלאַכט מיט א פרעהליכען קלינגענדען געלעכטער. — אך, שוואַרצער! אלע גוטע זאַכען וויל ער!...

— ווייסט קיין חרטה ניט האָבען, העלענקע! — איז בערמאַן ענטציקט געוואָרען פון איהר, און איז שוין אינגאַנצען צופרידען געוועזן פון זיין אויפטו...

— איך לאָך זיך אוים פון זיי! — האָט ער א טראַכט געטהאַן.

אין א האַלבע שעה ארום איז שוין העלענקע אָן אָבגעצאָהלטע, אָן אָנשטענדיג אָנגעצויגענע, מיט צוויי לאַנגע צעפּ געשטאַנען גרייט צו דער רייזע.

— א בעל־הבתיש מיידעל! — האָט די ווירטין געלאַכט.

— איך האָב זיי אין דר׳ערד! — האָט העלענקע געענטפערט. זי האָט גענומען דעם זאַנטיק און איז ארויס צוזאַמען מיט׳ן גליקליכען בערמאַנען...

---

און דאָך, אז בערמאַן איז געקומען מיט העלענקען אויפ׳ן וואָקזאַל, וואָס איז געוועזן פול מיט פּאַסאַזשירען, צווישען וועלכע עס זיינען געוועזן פיעל בעקאַנטע, האָט איהם דאָס האַרץ געקלאַפּט, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס א גנבה בעגאַנגען. מיט שרעק

האָט ער געקוקט אויף איהר און אלץ געזוכט און געפּאָרשט: צי דערקענט מען זי, צי ניט? ערשט אז ער האָט זי פאַרגעשטעלט אלס זיינם א לאנדס־מיידעל, פאַר זיינעם א בעקאַנטען, וועלכער איז אויפ׳ן וואָקזאל געוועזן און יענער האָט קיין שום מינע פון חשד ניט ארויסגעוויזען, האָט ער זיך בערוהיגט און האָט זאָגאַר זי גענומען אונטער דער האַנד און האָט מיט איהר אזוי שפּאַצירט הין און צוריק איבער דער פּלאַטפאָרם, ביז עס איז אָנגעקומען דער צוג... דערשרעקען פלעגט ער זיך נאָר, ווען זי פלעגט זיך פּלוצלונג פון עפּעס הויך פונאַנדערלאַכען. דאַן פלעגט ער זי שטרענג אָנקוקען און שטראָפען:

— וואָס לאַכסטו אזוי הויך?... אלע קוקען.

ענדליך איז דער צוג אָנגעקומען. בערמאַן מיט העלענקען האָבען אויסגעזוכט א לעצטען וואַגאָן, וועלכער איז געוועזן גאַנץ ליידיג. נאָר אויף א הינטער־באַנק זיינען געזעסען צוויי אלטע פּויערים, האָבען געראויכערט זייערע ליולקעס און זיינען געוועזען אזוי פערטהאָן אין א טיעפען שמועס אז זיי האָבען דאָס פּאָר־פאָלק אפילו ניט אָנגעקוקט. העלענקע האָט זיך גלייך אוועק־געשטעלט נעבען אן אָפענעם פענסטער און האָט דערזעהן א גרויסען ברייטען הימעל, ווייטע פעלדער און וועלדער און האָט ענטציקט אויסגערופען:

— אוי, זעהט!

— וואָס? — האָט בערמאַן זיך געווענדעט צו איהר.

— זעהט, ווי שעהן...

אָבער בערמאַן האָט ניט געקוקט אויף די ווייטע פעלדער און וועלדער און ניט אויפ׳ן בלויען הימעל, נאָר אויף איהר שטראַהלענדיג יונג געזיכט. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף אלע זייטען און, איבערצייגענדיג זיך, אז קיינער זעהט ניט, האָט ער זי געשלעפּט פון פענסטער, געקושט און געשעפּטשעט:

—יאָ, העלענקע, יאָ, העלענקע... אויפ׳ן גרינעם גראָז וועט עס גוט זיין...

זיין ברוסט האט ווילד געקלאפט פון לוסט און אויפרעגונג. ער האט זי געדריקט אין די אָרימס, און עפּעס געפּליסטערט.

העלענקע האט זיך אָבער געריסען צום פענסטער און גע־מורמעלט:

— איך בעט אייך, לאזט... שפּעטער... לאזט מיך קוקען. דא איז אזוי שעהן...

— אז מיר וועלען קומען וועט נאך שעהנער זיין, — האט בערמאן, אָבלאָזענדיג זי, געזאָגט און האט זיך אויך געשטעלט אין פענסטער און ווידער זי גענומען דריקען צו זיך, נאר זי האט אלץ אונצופרידען איהם אָבגעווענדט און זיך געבעטען:

— איך בעט אייך, לאזט... שפּעטער... שפּעטער...

ענדליך איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער סטאציע, פון וועלכער בערמאנס וואוינונג האט זיך געפונען א האלב ווערסט ווען. אראבגעהענדיג מיט איהר פון וואגאן, האט ער זי גענו־מען ווידער אונטער׳ן אָרים און האט זיך מיט איהר געלאזט געהן אין א שמאל וועגעל, צווישען געדיכטע הויכע ביימער. העלענקע האט זיך ווידער געריסען און זיך געבעטען:

— איך וויל געהן ניט געארעמט... איך וויל אליין... בער־מאן האט זיך עפּעס ווי פערשעמט און בייז געווארען. ער האט זיך שיער ניט ארויסגעכאפּט: כ׳האב בעצאהלט!

באלד זיינען זיי ארויפגעקומען אויף א שטיקעל פעלד, בעוואקסען מיט הויכען גראז און ארומגעצוימט מיט בוימער.

— א — דא זעץ איך מיך צו! — האט העלענקע ענטציקט אויסגערופען. — דא איז אזוי שעהן!

— איך האב דיר געזאגט, אז עס וועט זיין שעהן! — האט בערמאן זיך געווענדט צו איהר.

ער האט זיך נעבען איהר אוועקגעזעצט און געוואלט אויסק־לייגען זי אויפ׳ן גרינעם גראז.

— ניין! לאזט... לאזט! איך וויל זיצען...

— העלענקע, וואָס איז מיט דיר? — האָט בערמאַן מיט אַ ברענענדען פּנים גענומען פּראָטעסטירען.

ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין, פאַר'ן וואַלד, פאַר דעם גראָז און פאַר העלענקען... נאָר אַ געפיהל, וואָס איז שטאַרקער פון אַלץ, האָט איהם אַרומגעכאַפּט, און ער האָט מיט אַ פיבערהאַפטער שטים געזאָגט:

— העלענקע... איצטער... דאָ איז דאָך אַזוי גוט...

— ניין! ניין! — האָט העלענקע געבעטען און בעפוי־לען, — דאָ נישט... שפּעטער, ביי אייך...

— פאַרוואָס? — האָט ער זי מיט אַנגעצונדענע אויגען ווילד אָנגעקוקט...

— איך ווייס אויך ניט... עפּעס דאָ שעהם איך מיך... איך שעהם מיך, אויף נאמנות... אין בעט — יאָ, און דאָ וויל איך ניט, דאָ קען איך ניט...

— טאָ קום צו מיר אין צימער, ס'איז ניט ווייט... — האָט בערמאַן זיך געבעטען.

— נו, וואָס איילט איהר זיך... איהר וועט נאָך צייט האָ־בען... דאָ איז דאָך אַזוי שעהן...

אַ ברוגזדיגער האָט זיך בערמאַן אָבגערוקט פון איהר אויף עטליכע טריט, האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גרינעם גראָז, און געקוקט אויפ'ן ברייטען ריינעם הימעל, אויף די פרישע גרינע צווייגען, און זיך צוגעהערט צו דער טשיריקעריי פון די פייגעלעך...

— ס'איז טאַקע שעהן... — האָט ער אַרויסגעמורמעלט און זיך געשעמט צו קוקען אין יענער זייט, וואו העלענקע איז גע־לעגען מיט'ן פּנים צום הימעל און מיט בעגייסטערטע בליקען געקוקט און געקוקט...

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער בעשלאָסען אין געדאַנק: חערם אַזאַ לעקציע דאָס געלד....

ער האָט זיך אויפגעהויבען און געוואָלט געהן.

— וואס איילט איהר זיך? ווארט נאך... — האט זיך הע־לענקע געבעטען.

— ניין, איך מוז געהן, אבער דו קענסט בלייבען דא אדער פאהרען צוריק... ווי דו ווילסט...

— ביזט ברוגז? — האט זי געלאכט.

— ניין, ברוגז ניט... אדרבא, היינט ערשט האב איך דיך ליעב ניט ווי העלענקען, נאר ווי א שוועסטער. ווילסט זיין מיין שוועסטער, טא שטעה אויף און מיר וועלען געהן טיעף אין וואלד. דארט איז נאך שעהנער...

— יא! יא! איך וויל! — האט העלענקע געריהרט אויס־גערופען, און זיך אויפגעשטעלט — נאר איך בעט אייך, איהר זאלט מיר ניט טשעפען... דא שעם איך זיך... אין שטאדט—יא!

— נארעלע, — האט בערמאן נאך מעהר געריהרט געשמיי־כעלט — אפילו אין שטאדט אויך ניט... א שוועסטער טאר מען ערגיץ ניט טשעפען...

העלענקע האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט, נאר זי איז געווען זעהר צופרידען, וואס ער לאזט איהר צו רוה. פאר'ן בלאהען הימעל און די גרינע בוימער, שעמט זי זיך...

# דער ניי־געבוירענער.

דוד לייקין איז שטיל ארויס פון זיין צימער, און כדי די וויר־טין זאָל ניט הערען, אז ער געהט ארויס, האָט ער די טיר געלאָזט ניט־פערמאכט, און דעם גאנצען וועג האָט איהם געפלאָגט דאָס געוויסען: עמיצער וועט נאָך אריינגעהן און ביי דער יונגער פרוי דאָרט עפּעס גנב'ענען.

ער האָט אָבער אנדערש ניט געקענט: שוין עטליכע טעג זייט דער מאָנאט איז אריבער, און ער האָט נאָך איהר דאָס דירה־געלד ניט בעצאָהלט. נאָך אייערנעכטען האָט איהם דאָס יונגע ווייבעל אויפמערקזאם געמאכט, אז זי דאַרף נויטיג געלד, ווייל דער מאן איז אין וועג און ער וועט קיין געלד ניט שיקען, ביז ער וועט קומען.

לייקין האָט איהר צוגעזאָגט נאָך אויף נעכטען געלד צו ברענגען. ער איז געקומען בכיון צוויי א זייגער ביינאכט, שטיל אריין אין צימער, שטיל זיך אויסגעטאָן און די גאנצע נאכט געמאכט פּלענער, ווי אזוי צו בעקומען פאר איהר די עטליכע רובל...

פון די אלע פּלענער האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן לעצ־טען: ער וועט אויפזוכען יאקובאָוויטשען, זיינעם אן אמאָליגען חבר און ביי איהם באָרגען א צעהנרובלדיגע. אז יאקובאָוויטש וועט איהם באָרגען, איז ער געוועזן זיכער; יענער איז איצט

אנגעשלאָגען מיט געלד, איז נאָך א בחור, און לויט ער האָט גע־הערט, פערשווענדט ער א סך געלד און לעבט אויף א ברייטען פוס. אמת, די לעצטע צייט איז זייער פריינדשאַפט אביסעל אבגעקיהלט, אבער שולדינג איז ער, לייקין, אליין: ער ווייכט איהם אליין אוים, פונקט ווי ער וואָלט קענען איהם שטאָלצירט מיט זיין אָרימקיים.

עס איז ווירקליך פון מיין זייט א שוואכקייט, — האָט ער זיך געמאכט פאָרוואורף פאר זיין בעציהונג די לעצטע צייט צו זיין קינדהייטס־חבר יאקובאָווימשען. — אמת, ער איז א קאריערים גענוואָרען, האָט פעררא͏ָמען דעם אידעאל, אָבער נאָך אלעם איז ער דאָך פאָרט אן אינטעליגענטער מאַן, מיט וועמען מען קען זיך טוישען מיט די מיינונגען און מען קען גאנץ געמיט־ליך פערברענגען מיט איהם.

און לייקינס הארץ איז פול געוואָרען מיט פריינדשאפט און ליעבע צו זיין געוועזענעם חבר, און ער האָט אויף זיך גענומען צוריק בענייען זייער אלטע פריינדשאפט.

עס איז געווען א שעהנער פריהלינגס־טאָג. די זון האָט די גאנצע נאָם בעגאָסען מיט א מילדען ליכט און צערטליכען שיין. לייקין האָט זיך דערפיהלט ווי ניי־געבאָרען. אין זיין הארצען האָבען זיך אויפגעכאַפט געפיהלען פון ליעבע צו אלץ, וואָס לעבט און אָטעמט ארום איהם. ער האָט יעדען פארבייגעהענ־דען אריינגעקוקט פריי און אָפען אין די אויגען אריין, ווי ער וואָלט יעדען בעגריסט און געוואונשען א גליקליכען טאָג. דערזע־הענדיג א בעטלער מיט א ווייסער באָרד ביי א ראָג גאָס, האָט ער איהם אוועקגעגעבען די לעצטע צוויי קאָפיקעס, און ווען יענער האָט איהם געוואונשען לאנגע יאָהרען דערפאר, האָט לייקין דערפיהלט, אז די גאנצע וועלט איז פול מיט ליעבע און אז ער און דער בעטלער און דער חבר, צו וועלכען ער געהט איצט, — אז אלע זיינען זיי געקניפט און געבונדען און אז אלע זיינען ברידער!

ער איז וואס ווייטער אלץ אויפגעלעגטער געווארען. אין זיין הארץ האבען ערוואכט שוין לאנג פערקלונגענע טענער. עפעס האט דארט עמיץ געזונגען א הימן דער וועלט, דער מענש־חיים און דער ליעבע.

ער איז געווארען בעגייסטערט און, בעמערקענדיג נעבען זיך א קליין קינד, וואס איז געפאלען און זיך אבגעשלאגען, האט ער עס אויפגעהויבען, געקושט אין די הענדטלעך, געגלעט דאס קעפעלע און געזאגט:

— שא, מיין קינד, וויין ניט, נא דיר א צאצקעלע.

און האט איהם אוועקגעשענקט זיין מעשענע פושקע פון פאפיראסען.

די מוטער, וועלכע איז גלייך צוגעקומען צום קינד, האט פריינדליך פראטעסטירט:

— א דאנק, צו וואס? מען דארף ניט... א שאד!

— זאל ער זיך שפיעלען, אדרבא... א פיין קינד... איך האב נאך איינע... עס איז א ביליג פושקעלע...

און ער איז א גליקליכער אוועק ווייטער.

אבגעהענדיג א ביסעל ווייטער, האט ער דערזעהן א טרעגער מיט א גרויסען פאק אויף די פלייצעס. ער האט בעמערקט, ווי דער פאק האט זיך אראבגערוקט און דער טרעגער זוכט מיט די אויגען א מענשען, וואס זאל איהם אונטערהויבען העכער דעם פאק.

א גליקליכער איז לייקין צוגעלאפען צום טרעגער און אויסגערופען:

— ר' איד, העלפען אייך?

און גלייך האט ער זיך גענומען אונטערהויבען דעם שווערען פאק אויף די ארימע פלייצעס פון טרעגער.

דער טרעגער האט איהם אונטער דער נאז בעדאנקט. לייקין איז געווארען נאך מעהר געריהרט און האט בעשלאסען איינצוצען נעהמען אויף זיך דעם פאק... פארוואס טאקע ניט?

—איהר ווילט, ר׳ איד, גיט מיר דעם פּאַק, איך וועל טראָ־
גען...

נאָר דאָס האָט דער טרעגער ניט געוואָלט:

— מען וועט לאַכען, — האָט דער טרעגער מאָטיווירט,—
עס פּאַסט ניט פאַר אייך...

לייקין האָט שוין אָבער דעם טרעגער ניט אָבגעלאָזט. ער האָט איהם בעגלייט ביז׳ן בעשטימטען אָרט און האָט איהם אַלע ווייַלע אונטערגעהויבען דעם פּאַק, און זיך געפיהלט זעהר גוט און גליקליך געשטימט.

— יאָ, מענשען דאַרפען איינער דעם אַנדערן העלפען! — האָט ער געמורמעלט — אויף ליעבע און מיטגעפיהל שטעהט די וועלט...

---

יאַקאָבאָוויטשען האָט ער בעגעגענט, ווען יענער איז ארויס פון זיין צימער אויף דער גאַס.

— איך געה טאַקע צו אייך! — האָט לייקין, דערזעהענ־דיג איהם ארויסגעהן, איהם אָבגעשטעלט מיט א שמייכעל.

יאַקובאָוויטש האָט איהם קאַלט דערלאַנגט די האַנד און עפּעס א מורמעל געטהאָן.

לייקין, נאָך אַלץ א גוט־געשטימטער, האָט זיין חבר׳ס קאַלטקייט ניט בעמערקט. ער האָט בעטראַכט זיין חבר און צופרידען בעמערקט:

— איהר זעט אויס זעהר גוט! זעהר פיין!

ער האָט אויף איהם געקוקט מיט פריינדליכע בליקען און איז ווירקליך געווען צופרידען, וואָס יאַקובאָוויטש זעהט אויס אַזוי גוט און געהט אַזוי רייך געקליידט.

— וואָס הערט מען ביי אייך? — האָט יאַקובאָוויטש ווי פון יוצא וועגען עפּעס געפרעגט.

— אַזוי! — האָט לייקין, נאָך אַלץ בעהערשט פון דער

פריהערדיגער שטימונג, צופרידען געענטפערט — עס לעבט זיך גאנץ אינטערעסאנט!

יאקובאוויטש האט זיך פלוצלונג אבגעשטעלט און טרוקען געזאגט:

— אט דא דארף איך אריינגעהן. אדיע!

— שוין? — האט לייקין געפרעגט... איהר האט קיין צייט ניט... נו, עס מאכט ניט אויס... א צווייטען מאל.

ער האט טיעפער אן אטעם געטהאן און זיך געווענדט שנעל:

— איך וויל, איהר זאלט מיר בארגען א צעהנרובלדיגע...

יאקובאוויטש איז דא רויט און דא בלאס געווארען, די ווינקלען פון מויל האבען אויפגעציטערט. און ער האט ווי ביי זיך ארויסגעברומט:

— ווי קומט צו מיר אזוי פיעל געלד! — איך האב ניט, כ'לעבען!...

לייקין האט אינגאנצען א ציטער געטהאן, געוואלט עפעס ענטפערן, נאר די צונג האט איהם ניט געדיענט. ער האט נאר א קוק געטהאן אויף יאקובאוויטשען, און איהם האט זיך גע־דאכט, אז זיין חבר'ס ליפען זיינען פונקט ווי שוויינישע...

ער האט איהם נעגעבען די האנד און איז מיט א געפיהל פון עקעל אוועק ווייטער און ווייטער...

— שוויינישע ליפען, — האט ער געמורמעלט געהענדיג צוריק...

און א האס צום חבר האט אנגעפילט זיין ברוסט...

---

און געהענדיג איז דער האס אלץ געוואקסען גרעסער און גרעסער אין לייקינס הארץ.

— אך, איהר מיאוסע מענשען! — האט ער געברומט פאר וועהטאג און בעליידיגונג — ענטזאגט! ענטזאגט!

און דערזעהענדיג צוריק דעם אלטען בעטלער, וועלכער

האָט איהם ניט דערקענט און ווידער א נדבה געבעטען, האָט לייקין, אבגעהענדיג פון איהם עטליכע טריט ווייטער, מיט עקעל אויסגעשפּיעט און געטראַכט: — פּגר'ט אוועק! ווער דאַרף אייך, איהר מיאוסע ברואים...

בעגעגענענדיג ווידער א טרענער מיט א גרויסען קאסטען אויף די פּלייצעס, האָט ער מיט עקעל זיך אבגעקעהרט און געזידעלט: — שלעפּט, שלעפּט אויף זיך דעם יאָך, איהר זענט בעסערס ניט ווערט, קריכט, איהר ווערים!

עטליכע קינדער, פרעהליכע, לוסטיגע, זיינען געגאַנגען פון א שול. זיי האָבען איהם פערשטעלט מיט זייער שפּיעלעריי דעם וועג. פול מיט צאָרן האָט ער איינעם פון זיי א שטויס געטהאָן, מורמלענדיג: — געהט צום טייוועל! פון אייך וועט לען אויך אויסוואַקסען יאַקובאַוויטשעס מיט שווייניש ליפּען..

און אַז האָט ער זיך דערמאָהנט אַז זיין יונגע ווירטין, וועלכער ער דאַרף געלד געבען.

— וואָס יאָגט זי איהם אזוי? — האָט ער אין געדאַנק פּראָטעסטירט, — געלד און געלד!... זי קען וואַרטען, גיש קשה. זי וועט וואַרטען... אויף צו להכעיס ניב איך איהר ניט נאָך צוויי וואָכען...

ער איז פול מיט האַס אוועק אהיים. די טיר איז געווען פערמאכט. ער האָט מיט א גערויש זי אויפגעעפענט און מיט צאָרן זי פערהאַקט.

די ווירטין, א יונגע בעתנ'טע ווייבעל, מיט גוטע שוואַרצע אויגען, איז ארויס איהם אנטקעגען און מיט א פריינדליכען שמייכעל איהם בעגעגענט:

— וואָס האַקט איהר אזוי די טיר, — גזלן! — האָט זי געלאַכט.

— איך האַק ניט קיין טיר! — האָט ער שמאָלץ מיר ענטפערט, — עס דאַכט זיך אייך...

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט בייזע אויגען און אַ ווילדע מחשבה איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּ:

— דער מאַן איז נישטאָ, ארבייט ערגעץ ווי אַן אייזעל. און זי — בלוט און מילך... צו אַלדי טייוועל געהט אלע! די גאַנצע וועלט, די גאַנצע אָרדנונג... יאָ, די גאַנצע אָרדנונג!...

— איז נאָך דאָ טיי? — האָט ער געפרעגט און זי אָנגעקוקט.

— קיין טיי איז שוין נישטאָ, — האָט זי ווי פערשולדיגט געענטפערט, — נאָר איך קען מאַכען פאַר אייך.

ער האָט זיך אינגאַנצען געענדערט. די פריהערדיגע מחשבה האָט זיך טיעפער בעזעצט אין קאָפּ און האָט געוואָלט ווערען רעאַל...

ער האָט בייז געשמייכעלט און זיך אָנגערופען:

— זייט אַזוי גוט און מאַכט טיי.

און אָנקוקענדיג זי מיט ליידענשאַפטליכע אויגען, האָט ער צוגעגעבען:

— און קיין געלד בעט ביי מיר ניט!

ער איז ווי אַ זיעגער מיט שטאַלצע טריט ארויף צו זיך אין צימער. די מחשבה האָט איהם ווידער בעהערשט און גע־וואָלט פערוואַנדעלט ווערען אין טאַט...

— אוים! — האָט ער געמאַכט מיט די פויסטען, — עס איז גאָר נישטאָ, גאָר נישטאָ!

איהם האָט זיך געמאָלט פאַר די אויגען איהר מאַן מיט זיין כעבעכדיגען אויסזעהן: אַן אָנגעגט איז ער און וואַנעלט ארום פון שטאָדט צו שטאָדט מאָהנען אַלטע חובות...

— כאַפּט דיך דאָרט דער טייוועל, שעפּס איינער... אַז דו וועסט ווערען רייך ווי מיין יאַקובאָוויטש, וועסטו אויך בעקומען שוויינישע ליפּען... איהר זענט אַלע אַזוי!

ער האָט גענומען שפּאַנען מיט אונגעדולד הין און צוריק איבער'ן צימערל.

באלד איז אריין די ווירטין מיט א טעצעל, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א גלאז טיי און עס איז געלעגען צוויי זע־מעל.

— איהר זענט א וואויל ווייבעל! — האט ער זי פרעהליך געלויבט.

די האט איהם פערשעמט אנגעקוקט און גארנישט געענט־פערט...

— א מאן אבער האט איהר א שלימזול.

זי איז רויט געווארען און האט מיט כעס געענטפערט:

— ניט קיין גרעסערער פון אייך...

— א! — האט ער זיך אנגעצונדען, — איך בין שוין דוקא ניט קיין שלימזול; אלענפאלס וועל איך עס שוין ניט זיין מעהר. איך האב היינט בעקומען א לעקציע... איך וועל זיין רער שטארקסטער, דער ערגסטער און דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט...

— איהר זענט עפעס היינט מאדנע, — האט זי געדריקט מיט די פלייצעס...

— אבער אינטערעסאנט? זייט זיך מודה.

זי האט ניט געענטפערט, האט איהם נאר אנגעקוקט און ווי עפעס מורא געהאט.

— נו, איך געה שוין, — האט זי שוואך ארויסגערעדט, פון וואס לייקין האט געדרונגען, אז זי וויל נ י ט געהן.

— וואס איילט איהר זיך, זיצט ביי מיר א ווײלע.

ער האט זיך אויפגעשטעלט און זי א ציה געטהאן צו זיך.

— וואס טהוט איהר, לייקין? — האט זי פראטעסטירט.

ער האט זי אוועקגעזעצט נעבען זיך אויף דעם קליינעם סאפקעלע, זי פעסט ארומגענומען און געפליסטערט:

— זייט דאך ניט קיין נאריש ווייבעל... איך האב אייך אזוי ליעב, אזוי ליעב!...

ער האָט זי בעשאָטען מיט קושען. זי האָט שטיל גע־פליסטערט:

— לאָזט מיך אָב, לאָזט מיך אָב!

אבלאָזען זי איז אָבער געווען גאַנץ איבעריג — זי איז שוין געווען איינגאַנצען זיינע... ער האָט דערפיהלט זיין קראַפט איבער איהר, זיין גרויסע פּלוצליכע קראַפט, וואָס ציהט די יניקה פון א גרויסען האַס צו אלץ און צו אלעם...

ער האָט דערפיהלט, אז מיט דעם דאָזיגען האַס וועט ער האָבען אי ליעבע, אי גליק, און אין זיין אויפגערעגטען מח האָט זיך פאַרגעשטעלט א נייע לעבען, א לעבען פון טריאומף און זיעג...

# דער סוד.

ביז אכטצעהן יאהר האט נחום געלערנט אין א ישיבה. זייענדיג א שטיקעל מתמיד, האט ער געהאט גוטע „טעג“; דער שבת איז געווען גאר א געהויבענער. איהם אבער האבען די גוטע „טעג“ ניט אויסגעמאכט. ווען ער וואלט עס גאר ניט געהאלטען פאר אונפאסיג, וואלט ער מיט זיינע בעסטע „טעג“ זיך געביטען מיט א צווייטען ישיבה־בחור, וועלכער וואלט איהם דערפאר אפילו צוגעצאהלט, ווי עס פלעגט אמאל פאסירען אין דער ישיבה. דער עיקר האט ער געקוקט ניט אויפ'ן „טאג“, נאר אויפ'ן בעל־הבית. נחום האט ליעב געהאט צו האבען בעלי־הבתים למדנים, מיט וועמען ער זאל קאנען ריידען וועגען א טיעף שטיקעל גמרא. און געלערנט האט נחום „טיעף“. ליעב געהאט צו גריבלען זיך אין תוספות, מהרש"א, פרעגען און פערענטפערן קשיות. דער עיקר אבער — פרעגען. אוועקשטעלען דעם ראש־הישיבה מיט אן אפענעם מויל און מיט פערגאפטע אויגען, ווי ער וואלט געזאגט: וואו האסטו דאס אויסגעגראבען אזא קשיא?... אפילו אויף די „טעג“, ווען דער בעל־הבית פלעגט אויך זיצען ביים עסען, פלעגט נחום ליעב האבען פרעגען א קשיא דעם בעל־הבית מאקע, ניט קוקענדיג, וואס אויף אנדערע עניניםאיז ער געווען א בושת־פנים.

ווער וויים. וואס פאר א למדן נחום וואלט ארויסגעוואקסען מיט זיין קאפ און מיט זיין התמדה. ווען ער וואלט זיך ניט

בעקענט, טאקע אויף זיינעם א „טאג“, מיט א בחור׳ל מיט איהם אין איינע יאהרען, און יענער וואלט איהם ניט צוגערעדט צו נעהמען זיך אביסעל צו וועלטליכע הכמות. אנפאנגס האט אפילו נחום ניט שטארק געהאלטען דערפון: „אין די וועלטליכע חכמות, האט ער געזאגט, איז ניטא די טיעפקייט, וועלכע ער האט ליעב“. יענער אבער האט איהם ערקלערט, אז עס איז דא אזא חכמה ביי זיי, וואס פאלט ניט ארונטער פאר דער גמרא, און דאס איז די פאליטישע עקאנאמיע.

ניט קאנענדיג נאך גוט לעזען רוסיש, האט נחום שוין זיך גענומען צו פאליטישער עקאנאמיע און די דאזיגע חכמה האט איהם געפאקט... „זי איז ווירקליך א סך עהנליך אויף גמרא!“ האט ער מיט א פרייד מודה געווען זיין נייעם רבי׳ן.

און אזוי איז ביסלעכווייז נחום געווארען אן עקאנאמיסט.

צו צוואנציג יאהר האט שוין דער בחור פערלאזען די ישיבה, אוועקגעפאהרען אין א גרויסער שטאדט און זיך גענומען שטודירען „קאפיטאל“.

נאטירליך האט ער ניט געקאנט זיך פערבארגען אין די ד׳ אמות פון „קאפיטאל“, ווי אמאל אין דער גמרא. מארקס איז ניט געגעבען געווארען נור צו לערנען, צו מארקס׳ן דארף מען עפעס טהאן אויך, און נחום איז געווארען ווילענדיג ניט ווילענדיג א „חבר“ און אנגעהויבען נעהמען אן אנטהייל אין דער ארבייטער־בעוועגונג.

אמת, געקוקט האט מען אויף איהם אין דער בעוועגונג, ווי נור אויף א טעארעטיקער, אבער דאך פלעגט מען איהם אויך פערטרויען פערשיעדענע קאנספיראציעס, וועלכע האבען איהם, דער אמת געזאגט, ניט אזוי אינטערעסירט. צו די זאכען האט ער טאקע קיין געדולד ניט געהאט; דאס רוב איז ער געווען פערנומען צו שרייבען הגהות, אנמערקונגען ביי די זייטען פון די גראבע פאליטיש־עקאנאמישע ביכער, וואס ער האט אלץ

געשטודירט און, ווי אמאל אין תלמוד, ענטדעקט אין זיי גרויסע סודות.

זעהענדיג, אז נחום איז מעהר טעארעטיקער ווי טהוער האט מען איהם בעשטימט צו לערנען מיט א פאר גרופעס פאליטישע עקאנאמיע. צווישען אלע גרופעס האט זיך געפונען איין גרופע פון מיידלעך, ענטוויקעלטע ארבייטערינען, מיט וועלכע עס פלעגט איהם אויסקומען צו לערנען בין מנחה למעריב. אזוי טאקע האט ער אליין די דאזינע צייט אנגערופען.

דאס ערשטע מאל, אז ער האט די דאזיגע צייט פאר זיי בעשטימט, אנרופענדיג זי בין מנחה למעריב, האבען זיך א פאר מיידלעך פון דעם ווארט פונאנדערגעלאכט. נחום האט זיך א ביסעל פערשעמט, אבער אז די איבעריגע מיידלעך האבען די צוויי, וואס האבען געלאכט, אויסגעזידעלט, האט ער זיך בערוהיגט און האט זיך, ענדליך, געפיהלט מיט זיינע שילערינס ווי מיט מאנסביל...

געלערנט האט ער די פאליטישע עקאנאמיע מיט א שטיקעל גמרא־ניגון, איבער א הארב בלעטעל זיך צוגעשאקעלט און בכלל בענוצט תלמודישע אויסדריקען, ווי „האבען מיר א קימא לן". „איז פון דאנען געדרונגען", אזוי אז זיינע שילערינס זיינען טאקע שיער־ניט געווארען אמת'ע גמרא־קעפלעך...

נחום האט ניט געקוקט אויף זיינע שילערינס פון דער זייט פון זייער אויסערליכקייט און עס איז איהם בכלל ניט אנגעגאנגען, צי זיינען זיי שעהן אדער אפשר מיאוס, ניט זענענדיג דערויף קיין שטארקער מבין; דערפאר אבער האט ער אויסגעפונען אין א צייט ארום, אז צווישען די אלע מיידלעך געפינט זיך איינע, חאנקע, וואס האט גאר
תופס א בלעטעל באגדאנאוו...

דער דאזיגער חאנקען האט נחום דאן געשענקט מעהר אויפמערקזאמקייט, ווי די איבעריגע, האט געלעגט אויף איהר גרויסע האפנונגען און האט ענדליך איהר בעמערקט, אז מיט

איהר קאָן מען שוין זיך פערגינען צו לערנען אַ בלעטעל „קאַ־פּיטאַל“.

נאָר אזוי ווי די איבעריגע מיידלעך פון דער גרופּע זיינען אזוי ווייט ניט געגאַנגען, האָט נחום חאַנקען פאַרגעלעגט, זי זאָל קומען צו איהם אין צימער פון 9 ביז 10 אין אָוועגד צו לערנען „קאַפּיטאַל“ מאַרקס.

חאַנקע האָט זיך, נאַטירליך, אָנגעחאַפּט אַן דער דאָזיגער פאַרלעגונג. חאָטש די איבעריגע חבר'טעס פון דער גרופּע האָבען זי אַבגערעדט, זאָגענדיג, אז פאַר אַ מיידעל איז גענוג, אז מען קאָן באַגראַגאָוו'ן אליין.

— קיין רביצין וועסטו סיי־ווי־סיי ניט זיין! — האָט איהר איינע גוטמוטהיג אַ. שטאָך געטהאָן.

און נאָך איינע, איהרע שוין גאָר אַ נאָהענטע חבר'טע, האָט צוגעגעבען:

— אין דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג קאָן זי נאָך פּסק'ע־נען ארבייטער־שאלות...

חאַנקע איז אָבער געגאַנגען.

קומענדיג טיילמאָל צו נחומען און ניט געפינענדיג איהם אין דער היים, פלעגט זי דערווייל מאַכען אַן אָרדנונג אין זיין אָרימען צימערל, וועלכעס האָט אויסגעזעהן, ווי נאָך אַ פּאָג־ראָם. זי פלעגט פערבעטען דאָס בעט, אויסקעהרען דאָס צימערל און צונויפלעגען אין אָרדנונג זיינע ביכער, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי איז בעשטאַנען פון פּאָליטיש־עקאָנאָמישע. די פּאָר דיקע זשורנאַלען זיינען אויך נאָר געווען צושניטען דאָרט, וואו עס האָבען זיך בעהאַנדעלט פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פראַגען. די איבעריגע בלעטער, וואו עס איז געווען געדרוקט די בעלעטריס־טיק, זיינען געווען בעהאַלטען, ווי אַ גרויסער סוד...

קומענדיג אַהיים און טרעפענדיג אַן אויפגערוימט צי־מערל, פלעגט נחום זיס שמייכלען און פריינדליך זיך ווענדען, ווי פערשעמט, ניט קוקענדיג חאַנקען אין פּנים:

— איהר האָט דאָס אזוי פיין צוגעקליבען?...

— אז ביי איך איז זעהר אַנגעוואָרפען געווען, — פלעגט זיך חאנקע פערענטפערן, אויך ווי פערשעמט...

אזוי ביסלעכווייז איז חאנקע אלץ נאָהענטער געוואָרען מיט נחומען און אלץ כלומרשט אויפ'ן חשבון פון „קאַפּיטאַל"...

נחום איז געווען שטארק צופרידען, וואָס חאנקע איז אזא מתמיד און איז אזוי איבערגעגעבען דער פּאָליטישער עקאָנאָ־מיע, ניט קלערענדיג און ניט חושד זייענדיג חאנקען אין אנדע־רע געדאנקען.

---

איינמאָל האָט זיך נחום פערלערנט מיט חאנקען ביז א זייי־גער איינס ביינאכט. עס איז געווען א שטורמדיגע נאכט. דער ווינד האָט געריסען די דעכער און געקלאַפּט מיט א מין דראָ־הען אין די שויבען. חאנקע האָט שוואך ארויסגערעדט:

— אוי, ווי וועל איך געהן אהיים!

נחום האָט זיך איינגעקוקט אין פענסטער צום דרויסען און האָט געענטפערט:

— אז איהר ווילט, קאָנט איהר דאָ נעכטיגען...

חאנקע איז רויט געוואָרען, האָט זיך שטארק פערשעמט דאָך איז זי געבליבען.

אויסגעבעט האָט זיך חאנקע אויפ'ן גרויסען קאָרב, וואָס איז אין צימערל געשטאַנען, צושטעלענדיג צו איהם א שטול. נחום האָט איהר אפילו פאָרגעלעגט זיין שטרוי־זאַק, ווייל — האָט ער איהר ערקלערט — ער האָט ליעב צו שלאָפען, וואָס הארטער. חאנקע אָבער האָט ניט געוואָלט אָננעהמען דעם דאָ־זיגען אָפּפער און זי האָט געזאָגט, אז זי וועט זיך מאכען בע־קוועם מיט אנדערע מיטלען.

ליעגענדיג שוין אין בעטעל האָט נחום זיך געפיהלט זעהר גוט, דערמאָהנענדיג זיך, אז אין זיין צימער געפינט זיך, אויסער די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ביכער, נאך א לעבעדיגער מענש. ער

האָט וואָרים, פון בעט, זיך איבערגעריכט מיט חאַנקע׳ן, וואָס איז געלעגן אין אַ ווינקעל אויפ׳ן קאַרב:

— איך מוז זיין אודאי האַרט צו ליגען.

— אַ, ניין, איך שלאָף ווי אַ פּריצטע... — האָט חאַנקע האַרציג־ווייך געענטפערט...

---

מיט דער צייט האָט חאַנקע אָנגעהויבן אַלץ אָפטער צו בלייבן ביי נחום׳ן, אונטער פערשידענע תירוצים, ביז זיי ביידע האָבן ווי אין געדאַנק בעשליסענדיג, ניט אַרויסריידענדיג עס מיט׳ן מויל, זיך בעזעצט צוזאַמען אין צימער.

שפּעטער פלעגט מען זיי שוין זעהן ביידען צוזאַמען אין דער ביליגער רעסטאָראַציע עסען אַ מיטאָג אַלע טאָג, און נאָך שפּעטער האָבן זיי שוין פאַר מענשען אין די אויגען געזאָגט איינער צום אַנדערן „דו".

נחום איז געווען זעהר צופריעדען. חאַנקע איז אַ טרייע חבר׳טע, האָט דערצו אַ שאַרפען קאָפּ, מען קאָן מיט איהר אמאָל שמועסען וועגען טעאָרעטישע פראַגען און זי פּאַסט עס אויף, ווי אַ מאַנסביל...

איין זאַך האָט נחום׳ן דאָך אַביסעל בעאונרוהיגט, ער האָט בשום אופן ניט געוואוסט, צי חאַנקע איז אַ שעהן מיי־דעל, צי ניט.

אז זי געהט אַביסעל איינגעבויגען — דאָס האָט ער געזעהן בחוש, אָבער צי האָט זי אַ שעהן פּנים — וועגען דעם האָט ער בשום אופן ניט געקאָנט זאָגען קיין מיינונג... ער אַליין איז ניט קיין מבין אויף שעהנקייט.

דאָך וואָלט ער זעהר זיין צופריעדען, ווען ער וואָלט גע־וואוסט, אז חאַנקע איז שעהן.

ווי אַזוי קאָן מען עס דערגעהן?

ער זאָל פרעגען ביי אַ בעקאַנטען, וועט דאָך איהם יענער אויסלאַכען. אַליין קאָן ער בשום אופן ניט בענעהמען, צי איז

די שעהן, אדער ניט, וועניגסטענס צי איז זי האטש חנ'עוודיג...
און וואס ווייטער האט איהם די פראגע מעהר אנגעהויבען צו בעאונרוהיגען. מילא, שעהנקייט וואלט ער שוין מוחל געווען — ווער ווייסט אבער, צי איז זי ניט קיין פערזעהעניש: א קשיא אויף א מעשה! אז ער אליין פערשטעהט דערין ניט, האטש הרג'ע איהם! ער פאלט אמאל אויף א שכל און וויל ביי א בעקאנטען פון היגטען ארום דערגעהן:
— ווי געפעלט אייך מיין האנקע?
— א, האפט זיך אן יענער, ווי בעגייסטערט — א וואויל מיידעל...

ווייסט ער ווידער ניט: וואויל איז דען שעהן?... זאל ער פרעגען אפען: איז זי א שעהנע? פאסט ניט. וואו זייגען דען זיינע אויגען.

פרעגט ער אין א צייט ארום ביי א צווייטען: — ווי געפעלט דיר, ברודער, מיין האנקע?
— א, האפט זיך אן יענער נאך מעהר בעגייסטערט — איז א טייער מיידעל...
צו אלדי טייוועל; אז זי איז א וואויל און טייער מיידעל, ווייסט ער אליין. איהר תפיסה, איהר בענעהמען „קאפיטאל" מארקס מעגען מאנכביל מקנא זיין, אבער צי איז האנקע א שעהנע? אט וואס איהם מוטשעט. דאס הייסט, שעהנקייט איז ער מוחל, צי איז זי אבער, ווער ווייסט, ניט קיין גראב פערזעהעניש... ווער קאן עס וויסען?
און ער פרעגט ווידער ביי א דריטען:
— נו, געפעלט דיר מיין האנקע?
— א, האנקע. איז א זעלטען מיידעל. בעקומט ער ווידער אן ענטפער און בלייבט ווי אין קלעם. זאל האטש איינער זאגען א מיינונג ווי נעהעריג איז. וואס איהם אינטערעסירט...
און ער פאלט אויף א אידעע. ער וועט פרעגען האנסען אליין,

זי איז אַן עהרליכע ריינע נשמה, רעדן איז איר זיבער — זי וועט איהם רערצעהלען דעם אמת.

—חאנקע, רופט ער זיך אָב צו איהר אייגענטלאַל כמיר נאכט — חאנקע ?

— וואס איז, נחום, הא ? — פרעגט זי ליעבליך.

— איך האָב דיך חאנקע, געוואָלט עפּעס פרעגען.

— עפּעס א מעארעטישע זאך ? — פרעגט חאנקע נאָך ליעבער און בלעטערט דערווייל דעם גראבען „קאפּיטאל". וואָס ליעגט אויפ'ן טיש.

— ניין, דוקא א נארישקייט... — ענטפערט נחום און דאָס הארץ קלאפּט שטארק. ווער ווייסט, וואס פאר א דורכפאַל ער קען האָבען מיט דער דאָזיגער ווילדער פראגע.

— ווי קומסטו צו פרעגען נארישקייטען ? — שמייכעלט חאנקע.

— יעדער מענש האָט זיינע נארישקייטען... ווערט נחום ראָך מוטהיגער און געהט איבער גלייך צו דער זאך — זאָג מיר, חאנקע : דו ביזט א שעהנע ?

חאנקע קוקט איהם אָן אַנפאנגס פערוואונדערט, נאָכדעם פרעגט זי איבער :

— וואס איז דיר די נפקא־מינה...

— יאָ... ענטפערט נחום געשטאמעלט... יאָ... קיין נפקא מינה איז דאָס מיר טאקע ניט... איך וואָלט אבער וועלען טאקע וויסען... איך אליין קוק אויף דיר אמאָל, קוק, קוק, און קאָן ניט פערשטעהן... דאס הייסט, איך בין ניט קיין מבין...

— גלויב מיר — האָט חאנקע געענטפערט — אַז איך אליין ווייס אויך ניט...

און אזוי איז נחום דעם סוד ניט דערגאנגען...

# דער פערביטערטער.

— געגוג דיר שוין צו פאפען ! — האט בערלען, א אינגעל פון 18 יאהר, געוועקט די שוועסטער, א מיידעל פון א יאהר 27.

בעריל האט שוין איינענטליך אליין געדעכענט אויפשטעהן, נאר א קוק געבענדיג אויף דער שוועסטער, אויף איהר ברוגז־דיגען פנים, האט זיך איהם ניט געוואלט איהר נאכגעבען און ער האט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאלדרע.

דאס האט די שוועסטער געדייצט: ז י איז שוין מיט 3 שעה צוריק אויפגעשטאנען, שוין א האלבע קלייד אויפגע־נעהט און זי האט זיך צושריען:

— שטעה אויף, פוילער הונד! איך שלעפ דיך אראב פאר די פיס.

פאר די פיס האט זי איהם נאך ניט געשלעפט, נאר בערלען האט זיך עפעס געדאכט, אז זי שלעפט איהם שוין, און ער האט אנגעהויבען ווארפען מיט די פיס און שרייען:

— געהסט אוועק, צי ניט — ווארים איך גיב דיר אין די צייהנער.

— אוי, רבונו של עולם, זאל מען איהם שוין „אפהויבען“! האט זי זיך צעזונגען:

— עס הויבט זיך שוין אן! — האט די אלטע מוטער גע־

זיפצט. זי איז צוגעגאנגען צו זיין בעט און האט ווייך געבע־טען איהם:

— שטעה אויף, מיין זוהן, וויפיעל איז דער שיעור צו שלאפען! באלד קומט שוין ב י י ל ק ע ארבייטען.

דער מוטערם ווייכער טאן און דאס, וואס ב י י ל ק ע קומט באלד צו געהן האבען געווירקט און ער האט בעשלאסען אויפצושטעהן, נאר כדי די שוועסטער זאל נים אויספיהרען, איז ער נאך געבליעבען ליעגען א ווײלע.

— א תכשיט׳ל! — האט זיך די שוועסטער געווענדט צו די מוטער מיט כעס — ווי זי רעדט דאס מיט איהם: פונקט, ווי מיט א בן יחיד׳ל...

די אלטע מוטער האט דערויף גאר נישט געענטפערט. זי האט נאר א זיפץ געטהאן, בערלען האט דער זיפץ א שטאך גע־טהאן. „א רחמנות אויף די מאמען" — האט זיין גאנצעס וועזען דערפיהלט, און ער האט זיך אויפגעהויבען.

די שוועסטער האט זיך געזעצט נעהען און געמורמעלט עפעס מיט כעס. בעריל האט גאר נישט געקענט בענעהמען וואס זי רעדט, דאך האט ער געוואוסט אויף זיכער, אז דאס מורמ־לען בעלאנגט אן איהם און אין הארצען האט איהם שוין אנגע־הויבען צו זיעדען.

— איך וועל זיך מיט איהר אברעכענען!

עס איז אריין דער שוועסטערס ארבייטאריןן, ביילקע, א יונגע שלאנקע בראנעטין, מיט טיעפע קלוגע אויגען. דערזעהענ־דיג בערלען נאך נים קיין געוואשענעם, האט זי זיך צעלאכט מיט א פרעהליכען געזונדטען געלעכטער:

— אזוי שפעט, שעהנער מענש, שלאפט מען עס? א גאנצער פריץ! שעמען וואלט איהר זיך! איך האב שוין אב־געגעסען!...

— ניט אייער דאגה! — האט בעריל אנגעבלאזענערהייט איהר געענטפערט. אריינקוקענדיג אבער אין איהרע צוויי שעה־

נע אוינען און אין איהר לאכענדינען פנים, האט ער חרטה גע־
קריגען אויף זיין ברונז׳דינען מאן! ציים זי ארבייט ביי דער
שוועסטער, קלויבט ער זיך אלץ צו אויסצודריקען איהר דיין
ליעבע, און שטענדיג ענטפערט ער איהר גראב. זי מוז איהם
נעווים פיינד האבען...

דער געדאנק ערגערט איהם, ער ווערט צורייצט און וויל,
אז די שוועסטער זאל איהם ווידער עפעס פערטשעפען, ער זאל
קענען דעם כעס אויסלאזען.

נאר די שוועסטער גיעט ארוים ביילקען עפעס אן ארבייט
און קוקט ניט אפילו אין זיין זייט. א דענערווירטער נעהם ער
זיך וואשען אין א ווינקעל. ער שטעהט ביים וואסער און שריים:

— א האנדטוך!

קיינער ענטפערט איהם ניט.

— א האנדטוך!! — טופעט ער מיט די פיס.

— ביזט ניט קראנק צו זוכען, — ענטפערט די שוועס־
טער.

ער וויל איהר עפעס ענטפערן, נאר זיין כעס איז אזוי
ווילד, אז ער ווייס ניט וואס פאר א ווארט ער זאל איהר א
ווארף טהאן, און אנשטאט א ווארט ווארפט ער איהר עפעס א
שטיקעל העלציל.

— מאמע! — שריים די שוועסטער — נעהם צו דעם
בזלן, ער לאזט מיך ניט ארבייטען!

—מיאום, בעריל, פע! — קרימט זיך ביילקע.

בערלען ווערט פאר חרפה הייס אין קאפ. „מיאום, זאגט
זי — מיאום!" זי איז גערעכט! מאקע מיאום, — פע!"...

און ער וויל איהר זאגען, אז ער איז ניט שולדיג דערין; אז
אלע נאכט וויינט ער, וואס ער צאפט דער שוועסטער אומזיסט
דאס בלוט! אז, פערקעהרט, ער איז גאר א גאנץ גוטער: אט
האט ער נעכטען אן ארעם־אבגעריסענעם אינגעלע די לעצטע
צוויי קאפיקעס אוועקגעגעבען... דאס אינגעלע האט אזוי גע־

אויינגט; ער איז נאָר קיין גזלן ניט. באַשר עס הויבט זיך אָן דער אינטער און איהם האָט מען פאַר א מאַלער געמאַכט, און ער וועט מוזען א גאַנצען ווינטער זיצען אַהן ארבייט און עסען דער שוועסטערס פּראַצע... זאַגען דאָס אָבער אַליין, קען ער ניט — עס וועט אַרויסקומען נאָר גישט „דאָס". „וואָס איז שולדיג די שוועסטער, אַז דו האָסט קיין ארבייט ניט?"... און זיין האַרץ בלוטיגט זיך, וואָס די שעהנע ביילקע האָט פון איהם אַזאַ מיינונג:

„ביילקע, ביילקע! ווילט זיך איהם אויסשרייען — האָב רחמנות!" ער גיעט אָבער א קוק אויף ביילקען, אויף די שוועס־טער, אויף די מאַמען און זעהט אין יעדערענס אויגען פּעראַכ־טונג צו איהם, זיין כעס פּלאַטט ווידער אויף, און ער זוכט מיט געררויש דאָס האַנדטוך.

נאָכ'ן אָבווישען זיך שטעלט ער זיך דאַווענען, ער טהוט אָן די תפילין און מורמעלט עפּעס. דעם „פּירוש המלות" ווייסט ער ניט און ניט קוקענדיג, וואָס ער האָט צייט, איז איהם דאָס גאַנצע דאַווענען א משא, איבערהויפּט דריקט איהם דער „של ראש".

— „עפּעס א גרויסער „של־ראש", — טראַכט ער מיט כעס — אפילו קיין רעכטע פּאָר תפילין האָט מען מיר ניט געקויפט, א קלאָג נאָך זיי!"...

אין פינף מינוט אַרום האָפּט ער אַראָב מיט כעס די תפילין...

די שוועסטער צושרייט זיך מיט איראָניע, ווענדענדיג זיך צו ביילקען:

— זעהסט — ער האָט שוין אָבגעדאַווענט! מאַמע! זעהסט דיין „צדיק", ער איז שוין פערטיג!

בעריל האָט שוין איינגענטליך אליין חרטה, וואָס ער האָט אַזוי גיך די תפילין אַראָבגענומען: דאָס רעליגיעזע געפיהל איז ביי איהם גאַנץ שטאַרק, פאַר'ן אידישען גאָט ציטערט ער, נאָר

די בעמערקונג פון דער שוועסטער צורייצט איהם אזוי, אז ער וואלט זיך וועלען נוקם זיין אן איהר און ער ענטפערט גראב:

— איך לאף פון דיר מיט'ן דאוונען צוזאמען!...

— לאף, לאף! — ענטפערט די שוועסטער קאלט — איך וועל דיר עסען ניט געבען...

— דו וועסט מיר עסען ניט געבען? דו?! צוקאכט ער זיך מיט א העליש פייער און שפרינגט פון הויט שיער ניט ארויס. ער פיהלט אבער, אז ער קען דא גאר נישט מאכען: זי איז די פערדיענערין, זי שפייזט די מאמען אויך... און מיט פערלאפענע אויגען שטעלט ער זיך אוועק מיט'ן פנים צום פענסטער, קלערענדיג שוין וועגען פריהשטיק. עס הויבט איהם שוין אן ציהען דאס הארץ. ער דערמאהנט זיך אן זומערדיגע פריהשטיקס... א היים איז ער ניט נעגאנגען פריהשטיקען. ער האט פיינד, די מאמע זאל איהם קארגען... ער פלעגט אריינגעהן אין א קאפע־הויז און א לעב טהאן. אמת, בשעת ער פלעגט טרינקען די קאפע און עסען די פוטער־קוכען, פלעגט איהם דאס הארץ אביסעל וועה טהאן: „די מאמע איז אן אלמנה, בעסער וואלט ער איהר אוועקגעבען“! ער פלעגט זיך אבער פערטהיידיגען מיט דעם, וואס ער הארעוועט זעהר שווער: אין סכנות שטעלט ער דאס לעבען, אויפ'ן פינפטען שטאק קריכט ער, און טאמער ווערט ער גאר נע'הרג'עט... א, איצט וואלט איהם די מאמע גאר ניט נעארט, ער וואלט נאר געלד געהאט, וואלט ער אויך צו להכעיס געגאנגען פריהשטיקען אין א קאפע־הויז. איצטער פערדיענט ער אבער ניט — עס איז ווינטער, קיינער מאלט ניט קיין הייזער און דער שוועסטערס פריהשטיק מוז ער עסען... אח, ווי עס ציהט אין הארצען...

— באלד וועל איך בעטען עסען, קלערט ער — וואס האב איך מורא פאר איהר? וואס איז זי דא פאר א בעל־הבית'טע?

— איך וועל ביי איהר גאר נישט בעטען... ביי דער מאמען וועל איך בעטען...

— מאמע...

ער קען אבער ניט אויסרעדען זיין בקשה ווייטער און איהם טהום הנאה, וואס די מאמע האט ניט דערהערט.

אין א ווײלע ארום שרייט ער אויס מיט גוואלד:

— מאמע, גיעב מיר א גלאז טהיי!

— ניטא שוין קיין טהיי! — ענטפערט די שוועסטער

— האסט געזאלט אויפשטעהן פריה, פריץ מיינער!

ער וויל איהר עפעס ענטפערן. ער דערמאהנט זיך אבער, אז זי איז פארט איצטער דער תקיף — דאס בייטעלע מיט געלד ליענט טאקע ביי איהר.

„פערפאלען!“...

און ער דערמאהנט זיך, אז אזוי וועט זיך ציהען דער גאנ־צער ווינטער — א גאנצען ווינטער וועט ער אומגעהן לעדיג! א גראשען ניט פערדיענען — א גאנצען ווינטער וועט ער זיצען אויף דער שוועסטערס קארק — זי וועט זיין די פערדיענערין, די „בעל־הבית'טע“, די שפייזערין; איהר וועט די מאמע גלעטען, חנפה'נען, פרעגען אלע ווײלע: „וואס ווילסט דו מיין טאכ־טער?“ און ער וועט זיין אן איבריגער, א הונד.

„א הונד! א הונד!“ רייצט ער זיך מיט זיך אליין אין גערטאנק און פאר צארען וואלט ער וועלען טהאן עפעס א ווילדע זאך, מיט עפעס גוקם זיין זיך אן עמיצען...

---

— מיר ווילט זיך שוין עסען! — ווענדט זיך אין א האל־בע שעה די שוועסטער צו דער מוטער.

אין איהר טאן שטעקט דער שטאלץ פון א מענשען, וואס וויים אז זיין עסען פערדיענט ער; עס קומט איהם. און בערלען שטעכט דער טאן, איהם דאכט זיך, אז זי וויל גאר ניט עסען, נאר זי רייצט זיך מיט איהם...

די מוטער דערלאנגט איהר א גלאז קאווע מיט בוטער־ברויט.

— גיעב מיר איך עפעס עסען! — ברומט בעריל, ווענ־דענדיג זיך צו דער מוטער.

— ווארט מיין זוהן, באלד! — ענטפערט די מוטער ווייך. בערלען דאכט זיך אבער, אז די ווייכקייט איז א געמאכ־טע, זי, די מאמע, האט א סך ליעבער די שוועסטער און נאר דערפאר, וואס די שוועסטער פערדיענט ווינטער אויך, — און דאס, וואס זי ענטפערט איהם ווייך איז נאר דעריבער, כדי ער זאל דער שוועסטער'ס פריהשטיק נים שטערען, — און ער פלאַ־קערט אויף:

— עסען גיעב!

— קוק אן דעם פריץ! — צובייזערט זיך די שוועסטער, זופענדיג די קאווע — זומער פרעסט ער אויף דאס גאנצע פער־דיענסט און איצטער קומט ער עסען מיין פראצע; נעה פער־דיענען!

בעריל וויל איהר ענטפערן: משוגענע, וואס רעדסט דו — עס איז דאך גיטא קיין ארבייט, עס איז דאך ווינטער, פער־שטעהסט, ווינטער!... ער וויל זיך אבער נים פערענטפערן פאר איהר, עס דערלאזט איהם ניט זיין שטאלץ. דער כעס זיינער פלאקערט אליץ שטארקער און שטארקער, ער קען ניט איינ־שטעהן, עס הויבט איהם פון ארט, עפעס שטעכט איהם אין די ביינער און אין מיטען ברוסט קיצעלט עפעס א מאדנע חיה'לע... ער געהט אום הין און צוריק ווי צעמישט, ווייס זיך נים צו וואס צו כאפען, גיעט פלוצים א שפרונג צום טיש און גיעט א זעץ איבער איהם מיט א ווילדען געשריי:

— וואס האט איהר מיך געמאכט פאר א „מאלער“! א קלאג זאל אייך כאפען!...

זיי בלייבען אלע שטיל. די שעהנע ביילקע שטעלט אויף איהם אוים די אויגען, האלטענדיג די נאדעל אין דער אונבער ווענטער האנד. בערלען דאכט זיך, אז ער האט געטראפען: בייל־קען געפעלט עס, זי גיעט איהם אין הארצען געווים גערעכט!

ער איז דערפון צופריעדען, און כדי ער זאל בלייבען דער נע־רעכטער, ער זאל זיך נים אויסרעדען עפעס צוריק א נאריש־קיים, לויפט ער ארוים אויפ'ן גאס נים קיין גענעסענער...

— „פאר א מאלער האבען זיי מיך געמאכט!“ — ברומט ער לאזענדיג זיך נעהן איבער'ן גאס. איהם דאכט זיך, אז בייל־קע שטעהט דערביי, קוקט איהם אן ערנסט מיט איהרע שוואר־צע אויגען און גיעט איהם נערעכט: „אודאי זענט איהר נים שולדיג!“...

ער בלאנזשעט איבער די גרויסע, לאנגע גאסען. ביסלעכ־ווייז ווערט זיין כעס קיהלער, און דאס פערדריסט איהם: בשעת כעס פיהלט ער זיך גערעכט; ווי דער כעס ווערט אבער געקיהלט, בעווייזט זיך אין הארצען גלייך די חרטה און זי נאגט איהם.

ער האט איינגעמליך די שוועסטער גאר נים פיינד. זי איז דאך אן ארעמע שוועסטער, עס איז אויף איהר א ביטערער רחמנות, א ביטערער צער! זי איז שוין אן אלטע מויד. אין די שלייפען ביים שטערן זעהען זיך שוין ביי איהר געלע אדער־לעך. ער וואלט אזא כלה נים ווען בשום אופן... און דער גע־דאנק רופט ביי איהם ארוים נאך מעהר רחמנות אויף די שוועס־טער, איהם דאכט זיך, אז זי וועט אייביג זיצען, אייביג הא־רעווען...

„וואס האב איך צו איהר?“ וויינט אין איהם דאס הארץ — „זומער, אז איך פערדיען, פערשווענד איך דאס גאנצע געלד. איך נעה אין פארק, אין צירק, אין קנייפעס... איך לעב א טאג און זי זעהט קיינמאל די וועלט נים. פון 13 יאהר אן הארע־וועט זי און קלויבט אויף נדן... ביי נאכט וויינט זי שטענדיג פון שלאף, איך הער און עס שניידט מיר אין הארצען — איך וויים — זי וויל חתונה האבען... פיער חתנים האבען איהר שוין די תנאים אבגעשיקט, מען פערצאפט איהר דאס בלוט, געהרג'עט זאלען זיי ווערען, די „לאבוסעס“...

ער ווערט אויפגעבראכט אויף די שוועסטערס חתנים, ער

וואָלט זיי יעצט בענעגענט וואָלט ער זיי געהרג'עט... און דער שוועסטער איז ער אַלץ מוחל, ער פיהלט זיך אין גאַנצען אומגע־רעכט געגען איהר. ער בעשליסט, ער וועט זי איבערבעטען.

ער בערעכענט זיך אָבער, אַז איבערבעטען וועט ער ניט קענען, דאָס איז אַ שווערע זאַך, דאָס איז עפּעס מיאוס: גלאַט פּלוצים אין מיטען דערינען: מיין ליעבע שוועסטער!... ניין! ער וועט אַזוי אונבעמערקטערהייט ווערען בעסער צו איהר, וועגען עסען וועט ער קיינמאָל ניט רעדען, וועט זי געבען — איז גוט, ווען ניט... נאָר נאַרישקייט, זי וועט דען עסען ניט גע־בען, זי זשאָלעוועט מיר דען? זי איז נאָר אויף מיר אין כעס, אַז איך קריעג זיך מיט איהר, אָבער אַזוי... יא אַזוי בלייבט עס! קיינמאָל זיך ניט קריגען מיט איהר, ווערען מיט איהר אין גאַנ־צען גוט. ער וועט נאָך פאַר איהר אַ חתן אויך קריגען... ער וועט זומער אָנהויבען ארבייטען, וועט ער קלויבען אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע און וועט בעצאָהלען פאַר'ן ווינטער... עס איז טאַקע קיין תכלית ניט צו עסען איהרע אומזיסט... ער וועט זי זומער בעקאַנט מאַכען מיט זיינע חברים און וועט זי נעהמען אין פּאַרק, אומעטום, זאָל זי האָבען פערגניגען אויך, די אָרעמע שוועסטער...

איבערפילט מיט מיטלייד צו דער שוועסטער, אַ בערוהיג־טער, שפּאַציערט ער איבער די גאַסען. עס גיעט דערווייל אַ לייכט די ווינטער־זון אויף אַ רגע; בעריל דערפיהלט דעם זומער און אַ וואַרעמע האָפנונג נעהמט איהם דורך. ביילקעס שעהן־פּנים לויפט איהם דורך פאַר די אויגען...

— ניש־קשה! — מוטהיגט ער זיך אַליין — דער ווינ־טער וועט אריבערגעהן, איך וועל שפּעטער אַלץ פערריכטען!

און אַ בערוהיגטער, אָהן אַ שפּור פון צאָרען, לאָזט ער זיך געהן צוריק אַהיים.

צוגעהענדיג אָבער צו דיר טהיר, איז זיין רוהיגקייט פער־שוואונדען, דאָס האַרץ האָט זיך אָנגעהויבען וואַרפען און דער

זומער, וואָס דאַרף קומען, האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט ווייט, הינטער הויכע ריזיגע בערג. ער האָט ניט געקענט די טהיר עפענען, און ער איז אַ היבשע ווײַלע ביים טהיר געשטאַנען, האַלטענדיג פאַר'ן הענדטעל.

ענדליך האָט ער זיך געשטאַרקט, האָט די טהיר אַן עפען געטהאָן און האָט זיך שטיל אין שטוב אַריינגערוקט. די שוועסטער איז געווען פערנומען מיט עפּעס אַ פרוי, וואָס האָט זיך געלאָזט אַ מאָס אַראָבנעהמען. דאָס האָט איהם געפרעהט. ווען ניט די פרוי, האָט זיך איהם געדאַכט, וואָלט איהם געווען זעהר ניט בעקוועם צו בלייבען דאָ: די שוועסטערס און ביילקעס בלי־קען וואָלט איהם שווער געווען צו פערטראָגען.

נאָר אָט געהט די פרוי אַוועק.

די שוועסטער זאָגט עפּעס ביילקען און איהם בעמערקט זי נאָר ניט. — די מוטער איז ניטאָ!

דער אַלטער צאָרן הויבט איהם אָן ביסלעכווייז צוריק צו בעהערשען. דער שעוועסטערס קאַלטקייט רייצט איהם. „זי ווייסט דאָך, אַז איך האָב נאָך ניט געגעסען! ס'א מין שלעכטע זי איז“!

ער גיט אַ הוסט, ווי מיט כעס.

— אַ! בעריל איז דאָ! אַ נאַסט! ווענדט זיך פּלוצים די שוועסטער צו ביילקען מיט אַ שמייכעל — „עסענקע“ן זיך איהם פערוואָלט!

דאָס בלוט פון'ם גאַנצען גוף גיט איהם האַסטיג אַ זעטץ אין קאָפּ. די אויגען שפּרינגען איהם שיער ניט אַרויס: „זי פערשוואַרצט איהם אין ביילקעס אויגען: זי מאַכט פון איהם חוזק. זי רייצט זיך מיט איהם, ווי מיט אַ הונד... אי, אי. אי! אי!...“ איהם ווילט זיך פאַר כעס דעם טיש אַ וואַרף טהאָן מיט'ן פוס, ער שטאַרקט זיך אָבער און מיט אַ פערהאַלטענעם צאָרן פרעגט ער שטיל:

— פאַרהאָן וואָס צו עסען?

— בעזאָלט נים אויסקנעפּן! — ענטפערט די שוועסטער פאָרט.

און פון פריהערדיגען רחמנות, פון די חרטה, פון די נער־ראנקען בעסער צו ווערען בלייבט ביי איהם נים קיין זכר; ער ווערט אין גאנצען כעס און נקמה: אט די מויד פערבימערט איהם דאָס לעבען, זי רויבט ביי איהם דעם מוטה, ער מוז זיך אַן איהר נוקם זיין. אבער שטארק, זי זאָל פיהלען!.. „אלטע מויד" דארף מען אויף איהר אַ געשריי טהאָן...

מים בלומיגע אויגען קוקט ער אויף איהר; אט — אט פליהט שוין דאָס ווארט ארויס. נאָר דער הונגער איז שוין ביי איהם שטארקער פאר'ן צאָרן און ער האָט מורא צו פערשפּיע־לען מיט'ן ווארט אויף זיכער דעם פריהשטיק... נאָכ'ן פריהשטיק וועט ער זיך אַן איהר נוקם זיין, נים אנדערש, „אלטע מויד!"

די שוועסטער זוכט דערוויייל עפּעס.

— ווייסט נים, ביילקע, וואו דער ארבעל איז?

— אונטער בערלען, דאכט זיך, זאָגט ביילקע.

בערעל פיהלט, אז ער זיצט טאקע אויף עפּעס און ער בעשליסט נים צו לאָזען.

די שוועסטער ווענדעט זיך צום בענקעל:

— לאָז נעהמען! זאָגט זי ברוגז'דיג, נים קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים.

— וויל איך נים! — ענטפערט ער צורייצט.

— פוילער הונד! — צו לאָזט צו נים? — שרייט די שוועסטער — איך האָב קיין כח נים מיט דיר צו עסקן.

— דוקא נים! — ענטפערט ער און עס פערדריסט איהם אויף זיך אליין.

— פע, בעריל! — מוסר'ט ביילקע מיט פעראכטונג — איהר זענט דאך גאָר משוגע.

בערעל ווערט בלאס: „זי האלט מיך פאר משוגע, זי איז

ראך נערעכט" — מיאוס, מיאוס! פויקט איהם אין מח. ער שטעלט זיך גאריש אויף.

און דער הונגער און די בעליידינונגען און דער נעדאנק, אז עס וועט זיך אזוי ציהען חשון, כסליו, טבת, שבט, אדר—אזוי־נע גרויסע חדשים, ווינטערדיגע חדשים!.. אז ביי ביילקען האט ער שוין דעם ווערטה פערלוירען. אז ער טהוט ווי א ווילדער, — דאס אלעס צוזאמען פערמישט זיך, און זיין צארן דערגרייכט די העכסטע שטופע, עס ברענט אין איהם עפעס אינוועניג, ער מוז עס מיט עפעס לעשען, ער געהט אום הין און צוריק. און פלוצים שטעלט ער זיך אוועק קעגען דער שוועסטער מיט פערלאפענע אויגען, לאכט זיך ווילד פונאנדער און גיט א גע־שריי:

— אלטע מויד, ווער וועט דיך נעהמען! ?...

אין שטוב איז, ווי א דונער דורכגעלאפען:

ביי דער שוועסטער פאלט ארויס דאס שטיקעל שטאף פון דער האנד, זי קוקט שטאר אויף ביילקען. יענע שמייכעלט, דאכט זיך... די שוועסטער הויבט עפעס אן צו זוכען אויפ'ן טיש... זי האפט אהן דאס שעריל און ווארפט אויף בערלען. דא פערגעסט בעריל אן אליץ: אן הונגער, אן קאנגען ווינטער, אן ביילקען — איין מאל פאר אלע מאל, ער וועט צוברעכען די מאשין...

— נא דיר! — שרייט ער אויס, א בריאזג געבענדיג די מאשין.

— אי — אי — אי! צעיאמערט זיך די שוועסטער. ביילקעלע, וואס טהוט מען מיט איהם? גערה רוף מענשען, לאז מען איהם בינדען.

— טאקע בינדען! — זאגט ביילקע העכסט אויפגעבראכט.

— שווייגט! — שרייט בערעל — איך פלעט אייך דעם מח.

אויפ'ן טומעל לויפט אריין די מוטער.

— וועה צו מיר, וואָס טהוט זיך דאָ! — ברעכט זי מיט־די הענד.

בעריל שווייגט און די טאַכטער דערצעהלט מיט האַר־צענס־רייסענדער שטימע, וואָס דאָ איז געווען. גרויסע טרעה־רען קאַפּען פון איהרע אויגען, זי דערצעהלט דעם אמת, נאָר בערלען דאכט זיך, אז אין יעדען וואָרט שטעקט א גראָבער ליגען, א ווילדע פאלשקייט! פאר וואָס דערצעהלט זי ניט דעם „עיקר"... פאר וואָס דערצעהלט זי ניט פון דעם לאנגען ווינטער און פון נאָך און נאָך... זי דערצעהלט נאָר, וואָס עס פּאַסט פאר איהר, אז זי זאָל בלייבען גערעכט...

און דער שוועסטער'ס וויינענדע שטים, און דער מאַמעס פערצווייפעלטע בליקען ברענגען איהם ארויס פון געדולד, נאָר ער ווייס ניט, וואָס זאָל ער טהאָן; ער האָט שוין אלץ אָבגעטהאָן, די מאשין אפילו צובראָכען... דאָ האָט ער שוין ניט וואָס צו טהאָן, עסען וועט ער שוין ניט, ביי ביילקען האָט ער זיך פערשוואַרצט... ער לויפט ארויס אויפ'ן הויף, שפּאַרט זיך אָן אין א ווינקעל פון א וואַנד און וויינט זיך ביטער פונאַנדער...

# די נייע שאלה.

דערהערט, אז עס זיינען פאראן אזוינע מענשען, וואס ווי־לען מאכען, אז אויף דער וועלט זאלען ניט זיין קיין רייך און קיין ארים, — האט חייקעל דער בערשטער, א זעכצעהן־יעהרי־גער בלאס דאר־בחור׳ל, איראניש אנגעקוקט מיט זיינע גרויסע שווארצע אויגען דעם, וואס האט עס איהם דערצעהלט און האט זיך אנגערופען:

— דו ווילסט „לייזען“? ניין, ברודער, ניט געטראפען דאס ארט! ביי מיר וועסטו ניט לייזען — געה זוך אן אנדער נאר.

שפעטער אבער, אז „חברה“ האט איהם אריינגענומען אין איהרע הענד און מען האט איהם אריינגערוקט דאס ספר „גן עדן התחתון“, האט זיך איהם שוין געלעגט די זאך אויפ׳ן מח. אבער בענעהמען דאס ווי געהעריג און ווערען א מאמין דע־רין, האט ער נאך ניט געקענט. דריי מאל האט ער דעם „גן עדן התחתון“ געלעזען, אין פיעל ערטער געפרעגט „פשט“, וואס די „חברה“ האט איהם ערקלערט אויפ׳ן שענסטען און פאפור־לערסטען אופן מיט אלע אויסרעדענישען, און דאך האט ער, קראצענדיג זיך אין פאה און אביסעל ווי צוטומעלט געפרעגט:

— אבער ווי אזוי קען דאס זיין?

האט אבער חברה ניט געשוויגען און האט איהם מכבד גע־

ווען מיט דעם קליין שעהן ספר'ל „די מעשה מיט די פיער ברי־דער". אזא מין. מעשה האט ער אפילו אמאל געלעזען, זי האט געהייסען „מעשה בנ' אחים", („אחים", האט ער געוואוסט נאך פון תלמוד תורה, איז דער טייטש ברידער) אבער נאך דער מעשה בנ' אחים איז ער פרימער געווארען און האט מיט מעהר כונה אנגעהויבען צו דאווענען, כדי אז טאמער וועט ער אמאל חלילה פערוואָרפען ווערען אויף א וויספע זאל איהם גאָט אויך מציל זיין, ווי יענעם צדיק פון דער מעשה. אבער אז ער האט דורכגעלעזען די „מעשה מיט די פיער ברידער" איז ער צום דאווענען קעלטער געווארען און האט שוין געהאט א שטיקעל ידיעה אין סאָציאליזם.

חברה האט דערזעהן, אז עס געהט א גאנג, אז פון חייק־לען קען ארויסוואקסען א סאָציאליסט א לייט, האט זי איהם געגעבען „פון וואס איינער לעבט" און „ווי קומט א איד צום סאָציאליזם?" און „רפאל נעריצך" און שפעטער גאָר, „טיע־פערע" און נאך שווערערע ביכלעך, אויף וועלכע חייקעל פלעגט זאָגען, אז זיי זיינען נאך שווערער ווי די גמרא „ביצה", וואס ער האט אמאל אנגעהויבען אין תלמוד תורה צו לערנען.

— שווערער — האט ער צוגעגעבען מיט אן ערנסטען שמייכעל, — אבער שעהנער.

און אזוי ביסלעכווייז איז חייקעל בערשטמער געווארען א סאָציאליסט אויף זיין שטייגער. דאווענען פערשטעהט זיך, האט ער אין גאנצען אויפגעהערט, אבער מען זאל זאָגען, אז חייקעל איז געווארען אן אפיקורס, קען מען נים, ער האט מעהר נים, ווי געביטען די רעליגאָן.. אנשטאט דאווענען און „ברכות" און קדושות האט ער זיך גענומען מיט דער זעלבער כונה צו די פערבאָטענע ליעדער. און אז ער פלעגט זינגען „מיר ווע־רען געהאסט און געטריבען", פלעגט ער פערמאכען די אויגען, ווי אמאל איינגעלוויז צו שמע ישראל און פלעגט אריינקומען אין א רעכטען רעליגיעזען עקסטאז. טאמער פלעגט ביי א פער־

געמלונג פון עטליכע ארבייטער אייגער זיך פארגעסען און געהויבען זינגען א ליעד פון שולמית, צי פון בר כוכבא, צי אזוי א „ליעבע־ליעד". פלעגט חייקעל מיט א פרומער מינע אנהויבען צו מוסר'ן:

— פע, א חרפה און א שאנדע! וואס זינגסטו אוועלכע בורזשואזישטישע ליעדער?

און גלייך פלעגט ער אנהויבען צו זינגען:

מיר ווערען געהאסט און געטריבען...
און די איבעריגע פלעגען אונטערחאפען:
מיר ווערען פעריאגט און פערפאלגט
נאר אלעס דערפאר וואס מיר ליעבען
דאס ארימע עלענדע פאלק...

און חייקעל פלעגט נאך דעם ליעד אנהויבען נאך א ליעד. ביז די אלע „כשרה" סאציאליסטישע ליעדער פלעגען זיך אויס־נעהמען, — זינגען פלעגט זיך איהם וועלען נאך אזוי פיעל! און ער פלעגט מיט אן אונרוהיגען קול פרעגען:

— מעהר קיין ליעדער זיינען ניטא?

„איהר ארבייטער פרויען!"

— עט!—פלעגט חייקעל דערויף א קנייטש טהאן זיך, דאס איז אפילו א סאציאליסטישע ליעד, אבער נים פאר מאנסביל, און דערביי פלעגט ער זיך דערמאנען אן דער ברכה „פון פארענט ביין ראווענען" „שעשני כרצונו", וואס איז געשטאנען אין סידור'ל מיט קליינע אותיות'לעך און וואס ער פלעגט דארויף נאר קוקען מיט די אויגען, אבער, אלס א ווייבערשע ברכה, דאס נים זאגען... חאטש אן און פאר זיך איז אויף די ברכה ביי איהם היילינ געווען, ווי יעצט דאס ליעד „איהר ארבייטער פרויען".

די עיקרים פון סאציאליזם איז ביי חייקלען בעשטאנען אין „האסען דעם שונא". דער שונא איז, פערשטעהט זיך, די רוסישע רעגיערונג, אדער ווי אויף הייקעל'ס לשון הייסט, „פאר־

ניע גנב". דאָס איז אָבער נאָר דער פּאָליטישער שונא. דער עקאָ־נאָמישער שונא איז דער קאַפּיטאַל. וואָס הייסט אָבער האַסען דעם קאַפּיטאַל? האַסען קען מען נאָר און מען דאַרף די קאַפּי־טאַליסטען, די פאַבריקאַנטען „די וואַמפּירען". זיי איז א מצוה צו האַסען מיט'ן גאַנצען האַרצען...

און חייקעל, אַלס פרומער סאָציאַליסט, האָט טאַקע זיי גע־האַסט. דאָס וואָרט קאַפּיטאַליסט, אָדער פאַבריקאַנט און עהנ־ליכע ווערטער פלעגט ער ניט קענען אויסרעדען גלייכגילטיג. זיין געזיכט פלעגט אין גאַנצען זיך אומבייטען, די אויגען פלעגען שיטען פונקען פייער און עס פלעגט זיך דוכטען, אַז ער פער־ברענט זיי מיט זיין אָטהעם...

עס פערשטעהט זיך, אַז ניט בעסער איז זיין בעציהונג גע־ווען צו זיין „קאַפּיטאַליסט", צו זיין פאַבריקאַנט, בער יוזעלמאַן. ווער רעדט נאָך, זייט די בערשטער האָבען דעם ערשטען שטרייק געמאַכט און האָבען איהם מיאוס פערשפּיעלט און דריי בערש־טער האָט דער „מיאוסער וואַמפּיר" אַלס בונטאָוושטשיקעס דער פּאָליציי איבערגעגעבען, איז זיין שנאה פלאַם־פייערדיג גע־וואָרען, און ווען דער דאָזיגער פאַבריקאַנט פלעגט אריין אַמאָל אין דער אבטהיילונג, וואו חייקעל איז געשטאַנען אין א גע־ריכטען שטויב און געקעמט די חזיר האָר, פלעגט ער אויף צו להכעיס אויפהערען פליסיג, ווי שטענדיג, צו אַרבייטען און זאָל ער קריגען די גאָל... און זאָל זיין דיקער בויך צופּלאַצט ווערען...

דער דיקער בויך פלעגט אָבער די גאָל ניט בעקומען און ניט צופּלאַצט ווערען, גאַנץ רוהיג און געלאַסען פלעגט ער זיך צוקייקלען צו חייקלען, מיט זיינע גרויע אויגען איהם אָנקוקען און מיט זיין אונאַנגענעהמען קול שטיל און רוהיג זאָגען:

— דאַכט זיך, די האָסט פערלאַנגט אַ היכפּת? פאַר אַזא פיינער אַרבייט ביזט טאַקע ווערט א הוספה.

דאַ פלעגט שוין חייקעל, מיט א האַרץ פול מיט זאַס, שנאה

און נקמה־בעגעהר זיך נעהמען שנעל, אונגעוועהנליך, אונגאַ־טירליך שנעל צו ארבייטען מיט׳ן בינדעל חזיר האָר אין האנד איבער דעם אייזערנעם קאַם... אזוי שנעל, ביז ער פלעגט אזש די פינגער צובלוטען... ווי ער וואָלט געענטפערט:

— נו, טיראַן, דערפאַר בין איך שוין ווערטה א הוספה ?!

און די שנאה איז נאָך שטאַרקער געוואָרען.

אַפּט מאָל פלעגט אויך אריינקומען אין חייקעלס אבטיי־לונג זעהן צי דער „פּאַפּאַ איז ניטאַ ?" דעם פאבריקאנטס טאָכ־טער פאַניע. א יונגע שלאַנקע פרייליין, מיט א קלאָר געזיכט. שווארצע האָר און שווארצע אויגען, וועלכע האָבען זעהר שטאָלץ, אָבער מיט פיעל חן געקוקט. איהר אריינגאַנג פלעגט א שטאַר־קען רושם מאַכען אויף די אַלע ארבייטער, דער שטויב, וואָס איז געשטאַנען אין אבטהיילונג, פלעגט זיך ווי אין פאַסען שטראַהלען פערוואַנדלען. זי פלעגט אָבער גלייך, אפילו קיין אדיע ניט זאָגענדיג, ארויסלויפען און נאָך א קליין שוויינען, וואָס איהר אוועקגאַנג פלעגט פעראורזאכען, פלעגט זיך פער־בינדען אזא מין געשפּרעך:

— א רוח אין איהר, ווי שעהן זי איז!

— וואָס פעהלט איהר, קדחת מיט כשר׳ע פאַדעם.

— עס ליעגט שוין פאַר איהר אין באַנק 50 טויזענד...

— מען דאַרף איהר גאָר „רעדען" חייקלען וועט ער ווע־רען אליין א קאַפּיטאַליסט...

חייקעל פלעגט רויט ווערען און פלעגט ענטפערן ניט אָהן כעס:

— בייס בעסער אָב די צונג!...

נאָכדעם אָבער פלעגט ער א לאַנגע צייט טראַכטען וועגען איהר און ווי אויף צו להכעיס, פון דער גוטער זייט... אבפאַנטאַ־זירענדיג וועגען איהר א גוטע האַלבע שעה, פלעגט ער זיך פּלוצלינג עפּעס דערמאָנען און פלעגט זיך אויפכאַפּען ווי פון א שרעקליכען חלום.

— וואָס איך קען טראַכטען! פוי! און ווי אַן אמת'ער בעל תשובה פלעגט ער גלייך אויף די בייזע מחשבות זיך מתחרט זיין און זיך נעהמען צו ריין־סאָציאַליסטישע מחשבות, און כדי אין גאַנצען אָוועקטרייבען די פריהערדיגע רעיונות פלעגט ער זיך ווענדען צו איינעם וואָס איז לעבען איהם געשטאַנען ביי דער ארביים און נעפרעגט:

— דו האָסט געלעזען די פּראָקלאַמאַציע וועגען דעם בעק־ער־שטרייק אין וואַרשוי?...

אבער וואָס ווייטער האָט חייקעל אָנגעהויבען צו פיהלען, אַז זיינע געדאַנקען וועגען פאַניע, דעם פאַבריקאַנטס טאָכ־טער, זיינען נים קיין כשר'ע, ער וואָלט שווערען, אַז ער האָסט זי ניט... דאַכט זיך פונקט פערקעהרט... ביי דעם געדאַנק פלעגט ער זיך ניט אויף געלעכטער דערשרעקען. און ער פלעגט רופען צו הילף אַלע ביכלעך, וואָס ער האָט געלעזען, דעם „גן עדן התחתון“, און ווי „איינער לעבט“, און די „מעשה מים די פיער ברידער“, און נאָך און נאָך. און אויב עס פלעגט נאָך ניט ווירקען פלעגט ער אויסגראַבלען פון זכרון אַלע רציחות פון די פאַבריקאַנטען בכלל און פון זיינעם בפרט, אַלע נים געלונגענע סטרייקען, היגע און אויסלענדישע, פון וועלכע ער פלעגט ליי־ענען, אפילו דעם קוילען־גרעבער סטרייק“ אויך. אויף אַ ווײַלע פלעגט עס ווירקען, און ער איז שוין געווען זיכער, אַז ער האָסט פאַניען גלייך מיט אַלע „בורזשויען“, קאַפּיטאַליסטען און טי־ראַנען. שפּעטער אַבער פלעגט ווי דורך אַ כשוף, אַ בליק טהאָן פאַר זיינע אויגען איהר געשטאַלט, און דאָס געפיהל פון האָס איז ווי אַנטלאָפען געוואָרען און אין האַרץ האָט זיך בעזעצט אַ צווייטעס געפיהל, וועלכען חייקעל האָט מורא געהאַט אָנצו־רופען מיט'ן נאָמען, אבער ער האָט דעם נאָמען זעהר גוט גע־וואוסט.

— אַ חרפּה און אַ שאַנדע! — פלעגט ער זיך אַליין מוסר'ן. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַז אַן ארבייטער...

סטייטש! סטייטש! אן ארבייטער... ווער איז זי דען? אונזערע א בלוט זויגערין... פון אונזער בלוט איז זי שעהן... יענטיל וואס ארביים אין שוועבעל פאבריק, איז דאך אייגענטליך טויזענד מאל שעהנער. באשר, זי איז נעבעך דאר און פינסטער פון די פאטארזשנע ארבייט, זעהט זי אויס אזוי מיאוס... נעהם איך גאר און פערליעב זיך... פוי! א שאנדע! איך בין גאר קיין סאציאליסט ניט...

דער געדאנק אז ער איז גאר קיין סאציאליסט נים האט אנפאנגס אזוי שטארק געווירקט, אז חייקעל האט שוין גע־מיינט אז ער איז שוין אין גאנצען בעפרייט געווארען פון די זינדיגע מחשבות. עס האט אבער ניט לאנג געהאלטען: גראד אויף מארגען, ווי מעשה שטן, פלעגט פאניע ארייגגעהן אין זיין אבטהיילונג און מיט איהר שטאלצען אבער אנגענעהמען קלינ־גענדיגען קול, פרעגען:

— איז דא ניטא דער פאפא?

און גראדע ער, חייקעל, פלעגט ער איהר דער איינציגער ענטפערן.

— אט גאר וואס ארוים...

און ענטפערן דוקא פריינדליך...

ליידענדיג אזוי פון דעם דאזיגען געפיהל, האט איהם איינ־מאל דורכגעבליצט א געדאנק:

פון וואנען ווייס ער אייגענטליך, אז מען טאר קיין פאב־ריקאנט'ס טאכטער נים ליעב האבען. וואס איז זי שולדיג, אז איהר טאטע איז רייך, א טיראן, א בלוט־זויגער. עס קען זיין אז לוים סאציאליזמוס איז דאס גאר נים קיין עברה... פון וואנען ווייס איך דאס טאקע, אז מען טאר ניט? — האט ער זיך בערוהיגענדיג געפרעגט — קיין גרויסער „ענטוויקעלטער" בין איך דאך נים — עס קען זעהר מעגליך זיין, אז עס איז נים אזוי שרעקליך...

דאס האט איהם אביסעל בערוהיגט, אבער דאך נים אין

גאַנצען. פּסק'נען אַזאַ שווערע שאלה האָט ער זיך אויף זיך אַליין ניט געקענט פערלאָזען. וואָרים, שטיינס געזאָגט, וואָס ווייס ער? סך הכל האָט ער געלעזען דעם „גן עדן התחתון?" „פון וואָס איינער לעבט", די „מעשה מיט די פיער ברידער" און נאָך אַזוינע, און פּראָקלאַמאַציעס. אמת, פּראָקלאַמאַציעס האָט ער טאַקע אַ סך געלעזען, אָבער דאָרטען שטעהט דאָך ניט וועגען אַזוינע ענינים. דאָס מוז שטעהן אין די גרויסע ביכער, אַזעלכע ביכער האָט ער געזעהען ביי „לייבעל אגיטאַטאָר". ער מוז וויסען. ביי איהם דאַרף מען טאַקע אַ פרעג טהאָן.

נאָך דער אַרבייט איז ער אַוועק צו לייבעל אגיטאַטאָר.

לייבעל אגיטאַטאָר, וועלכער האָט געוואָהנט ערגעץ אין אַ הינטער געסעל, האָט דריי מאָל געפרעגט, ווען חייקעל האָט אָנגעקלאַפּט אין זיין טהיר: ווער איז דאָס?

ווען חייקעל וואָלט געדאַרפט האָבען צו איהם וועגען אַ „קאָנספּיראַטיווען" ענין, וואָלט ער דרייסט געזאָגט ווער ער איז און לייבעל וואָלט איהם גלייך אַריינגעלאָזען. אָבער האָ־בענדיג איינענטליך אַזאַ נאַרישע חאָטש סאָציאַליסטישע שאלה, האָט חייקעל קיין מוטה געהאַט צו ענטפערן ווי אַ „בעקענטער" צוויי מאָל האָט ער געענטפערט „איך", ווי אַ געוועהנליכער בעזוכער. דעם דריטען מאָל האָט ער זיך אָבער געפאַסט מוטה און געענטפערט אַזוי, אַז לייב האָט איהם אָהן מורא אַריינגע־לאָזט.

— עפּעס אַ נייעס? — האָט לייב געפרעגט.

— ניין, אַזוי... — האָט חייקעל פערשעמט געענטפערט... אפשר האָט איהר, עפּעס פרישע ליטעראַטור?

לייב האָט איהם עפּעס דערלאַנגט. חייקעל איז געזעסען אַ ווייל'ע שטיל, געקוקט אויף דער ערד, נאָכהער איז ער צוגעגאַנ־גען צום טיש, אַ בלעטער געטהאָן אַ דיק בוך אין דער רוסישער שפּראַך און מיט אַ פערשעמטען שמייכעל געזאָגט:

— דאָ מוז אוראי שטעהן פון אַלץ...

לייב אגיטאַטאָר האָט נעשמייכעלט און געגלעט זיינע שווארצע לאַנגע צעוואָרפענע האָר.

חייקעל האָט ווידער א ווײַלע געשוויגן, נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט:

— איך האָב היינט געהאַט א דיספוט מיט אַן ארבייטער.

— וועגן וואָס? — האָט לייבעל געפרעגט.

— עס איז א חרפה צו זאָגן... וועגן „ליעבע".

— עס איז גאָר קיין חרפה ניט — האָט לייב אגיטאַטאָר זיך אַנגערופען מיט אַן אויטאָריטעטען טאָן. דער סאָציאליז־מוס נעהמט אין זיך אריין אלע פראגען. ליעבע איז זעהר א וויכטיגע פראגע.

— אָט וויל איך טאקע ביי אייך פרעגען — איז חייקעל מוטהיג געוואָרען. — ווי איז למשל דער דין, אז אַן ארבייטער פערליעבט זיך אין א עקספּלאָאַטאַטאָרס א טאָכטער?...

— ווי הייסט, ווי איז דער דין? — האָט לייבעל ניט פער־שטאַנען די פראגע און האָט געשמייכעלט.

— איך מיין, צי מעג אַן ארבייטער זיך פערליעבען אין א פאבריקאנטס טאָכטער?...

— אוי, אוי, אוי! נאָך ווי מעגען! — האָט לייבעל אויס־גערופען.

חייקעלס געזיכט איז ווי מיט שטראַהלען בעשאָטען גע־וואָרען.

— אזוי, מעג מען! און איך האָב געמיינט... איך האָב געזאָגט אז מען טאָר ניט...

— יאָ, מען טאָר טאקע ניט — האָט לייבעל געלאַכט — איהר ווייסט פאר וואָס? ווייל אז דער פאבריקאנט זאָל זיך דערוויסען וועט ער דעם ארבייטער ארויסטרייבען פון פאבריק...

חייקעל האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

— וואס איז? — האט ליבעל געפרעגט — האט זיך דען דא ווער פערליעבט אין פאבריקאנטס מיידעל?

— ניין. עס איז אזוי געקומען צו רעד... טעארעטיש... האט חייקעל שוואך געענטפערט.

— מען מעג! — האט לייב אגיטאטאר פעסט ארויסגע־רעדט.

אז חייקעל איז צוריקגעגאנגען פון לייבעל׳ן האט ער איר־בערגעטראכט:

„מעגען מעג מען, נאר אז דער פאבריקאנט זאל זיך דערוויסען, וועט ער דעם ארבייטער ארויסטרייבען"...

— א קרענק וועט ער עס וויסען! — האט ער אין גע־דאנק גערעדט, און דערמאנענדיג זיך אן פאניען, האט ער אין געדאנקען צוגעגעבען:

— און זי וועט אויך ניט וויסען!

„אבער א קרענק וועט זי ניט וויסען" האט ער ניט גע־טראכט. ווי באלד אז ליעבען מעג מען אויף א קאפיטאליסטס א טאכטער, היינט פאר וואס קומט איהר א קרענק?...

# שליפעס.

איך האב מיט עטליכע יאהר צוריק גערונגען א קליין צי־מערל ביי א אידישען ארבייטער — א מוליער.

איך האב זיך איינגענטליך ניט ריכטיג אויסגעדריקט. דאס צימערל האב איך גערונגען ניט ביי איהם, נאר ביי איהר, ביי זיין ווייב, ער אליין איז דעמאלט אין דער היים ניט געוועזן.

— מיין מאן שטעהט אויף 7 אין דער פריה און קוממ א זייגער 10 ביי נאכט — האט זי מיר דערצעהלט מיט א טאן, אין וועלכען עס האט זיך געהערט אי בעדויערונג, אי שטאלץ.

צעהן א זייגער אין אבענד האט מיך איבערגעשלאגען א פרעהליכער „גוטנ׳אבענד״ פון א מאנספערזאן. איך האב זיך געשטעלט אויפ׳ן שוועל פון מיין צימערל און האב דערזעהן א אידען פון א יאהר 35, פון מיטעלען וואוקס מיט ברייטע פלייצעס, מיט א פערשמיערטען פנים, פון וועלכען עס האבען ארויסגעקוקט צוויי פרעהליכע שווארצע אויגען.

— אט דאס, הייסט עס, איז אונזער קווארטיראנט? — האט ער כלומרשט געפרעגט דאס ווייב, קוקענדיג אויף מיר.

— דאס בין איך אליין! — האב איך אנשטאט דאס ווייב, געענטפערט.

זיין פרעהליכער קוק, זיין נאטירליכע בענעהמונג האט מיר

עפּעם אויפגעלעגט צו איהם.

— איהר זענט אפילו א „דייטש“ — האָט ער זיך געווענדט אין א ווײַלע ארום מיט א גוטען שמייכעלע — פון דעסטוועגען וועל איך אייך געבען א אידישען שלום־עליכם — און דערביי האָט ער מיר אויסגעצויגען א פערשמירטע גראָבע, אבער וואַרעמע האנד.

— אדרבא, האָב איך אויסגעשטאמעלט — איך האַלט זעהר שטארק פון א שלום־עליכם.

— מיט א אידישען שלום־עליכם וועט איהר אין ערגעץ ניט פערפאַלען ווערען! — האָט ער צופריעדען געזאָגט.

— איהר ארבייט א גאנצען טאָג? — האָב איך איהם א פרעג געטהאָן, ניט וויסענדיג וואָס אנדערש צו זאָגען.

— ווי דען? ניט ארבייטען איז דען א תכלית? דער מענש איז געבוירען אויף ארבייטען. אדם לעמל יולד, האָט ער צוגעגעבען, און זיין פּנים האָט אן ערנסטע מינע אָנגענומען. עס איז געווען קענטיג, אז ער איז שטאָלץ מיט די דריי לשון־קדש־דיגע ווערטער, וואָס האָבען זיך אזוי שווער אראָבגעקויקעלט פון זיין צונג, אָבער פאָרט זיך אראָבגעקויקעלט...

—אָ, קענט איהר דאָך לערנען אויך! — האָב איך איהם געוואָלט אָנטהאָן א נחת־רוח.

איהם האָט מיין קאָמפּלימענט שטארק הנאה געטהאָן. דורך די לעהם, מיט וואָס זיין פּנים איז געווען בעשפּריצט האָט דורכגעשטראַהלט א רויטקייט, און ער האָט געענטפערט:

— קיין גרויסער למדן בין איך ניט, נאָר קיין עם־הארץ אויך ניט. שבת קוק איך אמאָל אריין אין א ספר.

— זעהר פיין! זעהר פיין! האָב איך געלויבט: תורה מיט ארבייט האָט שטענדיג א קיום.

— ווי אין פּרק שטעהט! — האָט ער זיך ארויסגעכאַפּט און האָט געבראַכט א גאַנצען פּסוק פון פּרק.

— אַ, איהר קענט דאָך טאַקע גוט לערנען! — בין איך כלומר'שט נתפעל געוואָרען.

— ניט צו פערזינדיגען! — האָט ער שוין געשמייכעלט מיט שטאָלץ.

זיין ווייב, וואָס איז דערביי געזעסען, האָט אויך געקוואַלען און האָט ענדליך מיט א ליעבער שטרענגקייט געזאָגט:

— נו, יאָסעל, געה שוין עסען!

— וואַרט, וואָס איילסטו זיך! זעהסט דאָך אז איך פערברענג מיט א מענשען.

עס איז געווען קענטיג, אז ער איז מיט מיר שטאַרק צופרידען. דאָס האָט מיר הנאה געטהאָן. איך בין זיך מודה, אז איך האָב זעהר ליעב צו נושא חן זיין ביי אָרעמע פערהאָרעוועטע מענשען. איך פיהל זיך אַפּט קעגען זיי שולדיג, און אז איך קען זיי כאָטש מיט עפּעס פערגעניגען פערשאַפען, בין איך ווי גליקליך.

מיר האָבען נאָך אביסעל גערעדט, ביז ער האָט זיך מיט א שמייכעלע צו מיר געווענדט:

— פון דעסטוועגען דאַרף מען טאַקע זיך וואַשען עסען. אז מען וועט ניט עסען, וועט מען ניט האָבען קיין כח צו אַרבייטען. וועט מען נאָך חלילה מיך „ראַזשאַלעווען".

איך האָב איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— וואָס הייסט עס ראַזשאַלעווען?

— איך האָב דאָך זיך דערדיענט צו א פּאָר שליפעס פאַר מיין אַרבייט, — האָט ער מיט א נעמאַכטען שטאָלץ געענטפערט.

— ער הויבט שוין אָן זיינע שטיק! — האָט דאָס ווייב זיך כלומרשט גע̈בייזערט — אז אָך און וועה צו אזעלכע שליפעס — האָט זי אויסגעלאָזט מיט א זיפץ.

— וואָס איז? שלעכטע שליפעס? — האָט ער ניט איינ־

געשטימט — איך וועל זיך ניט בייטען מיט דעם גרעסטען גענעראלס שליפעס.

— וואס איז דאס פאר שליפעס — האב איך זיך פער־אינטערעסירט.

— וואס ארט אייך, פיינע שליפעס. איך וועל זיי אייך ווען עס איז ווייזען.

— אפשר קען איך זיי זעהן איצטער, — האב איך אויס־גערעדט ווי מיט א בעטענדיגען טאן.

— איצטער? איצטער?... — האט ער זיך ווי פער־טראכט. ווי זאגסטו חאשע — איך זאל זיי ווייזען איצטער, צי איך זאל אבלעגען אויף פרייטאג פאר נאכט, ווען איך וואש מיך אב.

— מען דארף קיינמאל ניט ווייזען, — האט זי ניט איינ־געווילינט, — עס איז ניטא וואס צו זעהן.

— געפעלען דיר ניט מיינע שליפעס? — האט ער גע־שמייכעלט.

— מילא ווייזט. לאמיר זיי זעהן. — בין איך געווארען שטארק נייגיריג.

— שפעטער נאכ'ן עסען, — האט ער מיר א שעפטשע געטהאן אין אויער. איך בין אריין אין מיין צימערל און האב מיט אונגעדולד געווארט.

אין א שעה ארום, אז איך האב זיך שוין פערלייענט אין א בוך און האב אן די גאנצע שליפעס ווי פערגעסען, האב איך דערהערט א שטיל שעפטשען:

— איהר ווילט זעהן?

— אה, אך! — האב איך זיך דערמאהנט און האב זיך אויפגעשטעלט.

ער איז פאר מיר געשטאנען אהן א ראק און האט גע־שמייכעלט.

— באלד ווייז איך אייך. מיינט ניט, אז איך בין אבי

ווער — האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען און דערביי עטוואָס אַראָבגעצווינגען פון זיך די העמד.

— איהר זעהט מיינע שליפעס ? — האָט ער מיר שוין געפרעגט מיט אַן ערנסטען טאָן.

איך האָב זיך איינגעקוקט און האָב זיך אַ טרייסעל געטהאָן. אויפ'ן רעכטען און לינקען קאַרק זיינען געזעסען צוויי גרויסע ביילען ווי פויסטען. פון וואַנען דאָס קומט, האָב איך ניט געפרעגט. איך האָב פערשטאַנען, אַז די מולטערס לעהם, די צינגעל האָבען דאָס אָנגעריבען...

— עס טהוט אייך גאָר ניט וועה ? — האָב איך קוים אויסגערעדט, און האָב איהם ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען, ווי איך וואָלט נאָך וואָס אַ גרויסע עולה איהם אָנגעטהאָן.

— וועה ? האָט ער איבערגעפרעגט. עט, וועה ! שליפעס טהוען דען וועה ? אפשר די ערשטע צייט !.. איצט זיינען זיי שוין איינגעוואַקסען.

— יאָ, יאָ ! — האָב איך געשמאָמעלט: דאָס זיינען עהר־ליך־פערדיענטע שליפעס. אייך קומט „משעסט“ אָבצוגעבען.

— עט, ווער דאַרף דעם „משעסט“ ! האָט ער מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, גאָט זאָל נאָר געבען כח צו אַרבייטען. אַ גוטע נאַכט, מען דאַרף געהן שלאָפען. מען דאַרף מאָרגען פריה אויפשטעהן צו דער אַרבייט.

— אַ גוטע נאַכט ! — האָב איך איהם געוואונשען און בין געוועזען צופריעדען, וואָס ער לאָזט מיך אַליין : איך האָב מיך געשעמט צו קוקען איהם גלייך אין די אויגען אַריין.

— אָט דאָס זיינען כשר פערדיענטע שליפעס ! — האָב איך געטראַכט בלייבענדיג אַליין, און האָב אַ גאַנצע נאַכט זעהר פיעל נאָכגעדענקט און לאַנג ניט געקענט איינשלאָפען...

# דער באיקאָטירטער.

(פון גאַליציִשען אַרבייטער־לעבען)

אַרבייטער־סאָציאַליסטען זיינען אין דער פּאַרטיי דאָ בערך פיעל. זיי זיינען בעוואוסט, ענטוויקעלט; ווייסען אַלע ווי איינער, אַז וואו דער קאַפּיטאַל וועט זיך ניט קאָנצענטרי־רען, קען דער סאָציאַליזם ניט איינגעפיהרט ווערען, — און שטיל, געלאַסען וואַרטען זיי אויף דער גליקליכער צוקונפט, ווען דער דאָזיגער קאַפּיטאַל וועט זיך „קאָנצענטרירען". אָבער דערווייל שטעהען זיי אַלע אויף 7 אַ זייגער אין דער פריה און אַרבייטען ביז איינס; איינס געהען זיי מיטאָג עסען, עסען אָב אין איילעניש; ווער עס רויכערט, פעררויכערט נאָך אַ פּאַ־פּיראָס און געהט אַוועק צוריק צו דער אַרבייט, וואו ער אַרבייט ביז ניין אין אָווענד. איז ער אַ פרומער סאָציאַליסט, געהט ער פון דער אַרבייט אין „פעראיין", וואו מען חאַפּט אַמאָל אַ סאָציאַליסטיש וואָרט, אַ פּראָקלאַמאַציעלע, און מען ווײלט זיך דאָרטען ביז פינף מינוט צו צעהן; פינף מינוט צו צעהן, פערלאָזט מען דעם פעראיין און מען לויפט הענדום פּענדום אחיים, כדי צו כאַפּען נאָך אַן אָפּענעם טויער און ניט דאַרפען צאָהלען שפּער־געלד דעם סטרוזש.

קיינער פון זיי האָט נאָך פאַר דעם סאָציאַליזם ניט גע־ליטען. קיין שטרייקען האָבען זיי נאָך ניט געמאַכט: „מיר

זיינען נאָך ניט גוט אָרגאַניזירט!" פערטהיידיגען זיי זיך פאַר אַ רוסישען עמיגראַנט אַמאָל — „מיט דער צייט — יאָ!" און אַט אַזוי לעבען זיי זיך רוהיג און שטיל. — שבת געהען זיי הערען די „דרשה", טאַקע אין זעלבען פעראיין, וואו עס דרשנ'ט אַמאָל אַ איינגענער רעדנער, און אַמאָל אַן אַנגעפאָהרענער פון רוסלאַנד, אַ בונדיסט. אַ בונדיסט איז מה־טוב, איז אַוודאי דער עולם גרעסער, וואָרים אויסער, וואָס די בונדיסטען זיינען שאַר־פע טעאָרעטיקער און געהן ארויס פון היסטאָרישען מאַטעריאַ־ליזם, זיינען זיי נאָך גוטע „סטיליסטען" און זייער „זשאַרגאָן" איז טאַקע אַן אמת'ער, ריינער, געלייטערטער זשאַרגאָן.

וואָרים, חאָטש די פּאַרטיי האַלט זיך ביי דער מיינונג, אַז „דער זשאַרגאָן" איז נאָר אַ מיטעל צו ערציהען די ברייטע מאַ־סען, פונדעסטוועגען האָבען די אַרבייטער־סאָציאַליסטען טאַקע ליעב אַ שעהן שטיקעל לשון אויך, און ווי געזאָגט, די בונדיסטען זיינען גרויסע בעל־לשון'ס — דאָס זיינען אפילו מודה די „פּע־פּעסאָווצעס".

אַט אַזוי לעבען די סאָציאַליסטען אין דער גאַליצישער שטאָדט ק. רוהיג און צופריעדען, מיט אַ טיעפען גלויבען, אַז קוים וועט זיך דער קאַפּיטאַל קאָנצענטרירען וועט דאַמאָלס איינגעפיהרט ווערען סאָציאַליזם און עס פערשטעהט זיך, אַז ערשט דאַמאָלס וועט זיין אַ ישועה אויף דער גאַנצער מענש־הייט.

ניט אַזוי אָבער איז געווען מיט דעם אַרבייטער יואל בלומשטיין. ער איז טאַקע אויך ארויסגעגאַנגען פון שטאַנד־פונקט פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, אין קאָנצענ־טראַציע פון קאַפּיטאַל האָט ער אודאי געגלויבט: אָבער רוהיג וואַרטען דערויף האָט ער ניט גע־קענט. ער האָט געהאַט אַ הייס בלוט, אָבער טאַקע זורינס. אודאי האָבען איהם די אַרבייטער, איבערהויפּט פון זיין פאַך — די קאַמאַשען־שטעפּער — געאַכט פאַר זיין איבערגעבענ־

היים דער אידעע. אבער וואס איז די פעולה, אז די בעל־בתים, די מייסטערס, פון וועמען ער דארף האבען די יניקה, אז זיי אכטען איהם גאר ניט, פערקעהרט — זיי האבען איהם פיינט, ווי א שפין, און אין די בעסטע צייטען אפילו האט ער זיך מעהר ווי א חודש ניט געקענט איינהאלטען אויף אן ארט. ערשטענס, איז ער א גרויסער עזות־פנים: לאכט דעם בעל־הבית און דעם מייסטער אין די אויגען, צווייטענס, קען ער זיך אמאל פערשפעטיגען אויף גאנצע צעהן מינוט און טאקע צו פאר מאל אין דער וואך, ווילסטו איהם אברעכענען, מאכט ער קולות און רופט הויך אויפ'ן קול: „עקספלאאטאטערס"! נאר דאס וואלטען די בעלי־בתים איהם שוין מוחל געוועזן: אויך מיר א מענש! אויף וועמען מען קען דא פאראיבעל האבען! אבער אן אונגליק מיט איהם — ער בונטעוועט די איבעריגע!... דערפאר האט שוין א בעל־הבית מורא!... צוריקרעדענדיג, האבען זיי קיין מורא אויך ניט, ווארים וועניג קאמאשען־שטעפער קומען רען אלע טאג פון רוסלאנד?... מען בעט זיך! נאר גלאט, נאך וואס דארפען זיי האבען אזא חברה־מאן אין זייער פאבריק? נעה אין דר'ערד! און יואל בלומשטיין האט זיך אזוי אומגעדרעהט פון איין בעל־הבית צום צווייטען, אזוי נעבונ־טעוועט די ארבייטער ביי יעדערן, ביז וואנען די בעל־בתים האבען זיך ארגאניזירט, און אט דעם שנץ אינגאנצען באיקאט־טירט.

מען וויל איהם אין ערגעץ ניט אויפנעהמען.

ווערט דאך יואל בלומשטיין ניט שטארק נתפעל. די ערש־טע צוויי טעג נאכ'ן באיקאט איז ער אביסעל אויפגערעגט, שטעלט יעדען ארבייטער אב, טענה'ט מיט איהם דערהיצט, ערקלעהרט איהם פארביינגעהענדיג אז עס וואלט א יושר גע־זען „זיי" אנצולעהרנען, רעדט נאכאנאנד, און פערגעסט, אז ער איז מוידט־הונגעריג, ווארים דער יעצטיגער בעל־הבית האט איהם אפילו ניט בעצאהלט, וואס איהם קומט.

אזוינע עקספלאָטאטערס!

מילא, הונגעריג — הונגעריג: יואל בלומשטיין איז ניט פון דעם סאָרט מענשען, וואָס ווע‌לען געהן דערצעהלען אזוינע נאַרישע מעשיות, ווי הונגער... אין דער צעהנטער פאה ליעגט דאָס איהם ניט. אָט, ווען ער וואָלט געקענט אָנלעהרנען די בעלי־בתים און מאכען א שטרייק, וואָלט געווען א שכל!... נאָר טהו, מאך! אז צום פאהיבעל זיינען גראָד פון די 300 קאָמאַר־שען־שטעפער נאָר זעכציג אָרגאַניזירט און די איבעריגע זיי־נען פלעקער — 240 פלעקער! פאַר סאָציאַליסטען האָבען זיי מורא, ווי פאַר פייער. סאָציאַליסטען, זאָגען די 240 פלעקער זיינען גויים! געה, רעד מיט די לאַנגע קאַפאָטעס! דאָס איז ניט רוסלאַנד...

אויפ'ן דריטען טאָג האָט ער גראָד ביי אַן ארבייטער גע־כאַפּט א צעהן קרייצער, וואָס איהם איז געקומען. האָט ער שוין אויף א טאָג לעבען, און ער ווערט פרעהליך. מאכט זיך אָבער א מעשה, אז די בעל־הבית'טע זאָגט איהם אָב פון דער דירה: זי האָט זיך דערוואוסט, אז ער איז באַיקאָטירט, וויל זי איהם ניט טרויען. און אויף וואָס זעהענדיג זאָל זי איהם טאָקע טרויען? מילא ביי נאַכט, אז ער שלאָפט, האָט זי נאָך אין משכון זיינע בגדים (אויך מיר בגדים!...), אָבער אין דער־פריה, אז ער שטעהט אויף, טהוט זיך אָן און נעהמט צו דעם שטעקען זיינעם, בלייבט ביי איהר שוין גאָרנישט.

— וואו איז חאָטש זיינע וועש? — וואונדערט זיך די בעל־הבית'טע. א מענש זאָל קיין ברעקעל וועש ניט האָבען!

ביי איהר האָט אַמאָל געוואוינט אויך אַן אָרימער קוואַר־טיראַנט (וואָס רעדן, פאַר צוויי קראָנען א חודש וועט א רייכער האָבען?), פונדעסטוועגען האָט יענער געהאַט א פּאָר שטיק־לעך העמדער, א פּאָר תפילין... דער האָט אפילו קיין תפילין ניט. בעהיט זאָל מען ווערען פון אזעלכע!

קומט צוגעהן בלומשטיין אָבענד־צייט אין פעראיין און

דערצעהלט, פערשטעהט זיך, לאכענדיג (וואס דען נתפעל ווער ווערען?), אז ער האט שוין קיין דירה אויף ניט, און בשעת רעדען קוקט ער אויף דער באנק, וואס שטעהט ביי דער וואנט. „א וואוילע באנק! מען וועט זיך קענען אויסציהען אויף"!... אזוי טראכט ער, אבער זאגען זאגט ער דאס ניט. צי וואס דארף מען וועמען צו דערצעהלען מעשיות?...

זיי וועלען שוין זעהן פארטיגערהייט...

דער עולם־ארבייטער דרעהט זיך אום אין פעראיין. יע־ הער פאך־ארבייטער שמועסט וועגען זיין פאך, אן אנדערער דערצעהלט גלאט א מעשה פון א בונדיסט, וואס די האר שטע־ לען זיך קאפויר...

בלומשטיין געהט צו צו יעדער קופקעלע, רוקט אריין א ווארט, אן עכט סאציאליסטיש, שילט די קאפיטאליסטען און קוקט אלץ אויף דער באנק..

באלד הויבט אן צו ווערען שיטערער און שיטערער. עס איז שוין א פנים 5 מינוט פאר צעהן...

— נו, און דו? — פרעגט בלומשטיינען איינער מיט א שליסעל אין דער האנד.

— איך — לאכט בלומשטיין — איך, חע־חע־חע — איך האב פאר שפער־געלד קיין מורא ניט...

— ווילסט בלייבען, הייסט עס, נעכטיגען דא? — פרעגט איהם דער ארבייטער מיט דעם שליסעל אין האנד.

—חע־חע־חע! א ברירה האב איך...

— נו, טא נא דיר דעם שליעסעל.

און בלומשטיין בלייבט איינער אליין אין סאציאליסטי־ שען בית־מדרש'ל. שלאפען איז נאך פריה, זעצט זיך בלומ־ שטיין אוועק לייענען דעם לייטארטיקעל פון דער ארבייטער־ צייטונג. ער לעזט מיט כונה, נעהמט יעדעס ווארט אריין אין קאפ און גיט דעם שרייבער גערעכט: „זעהר ריכטיג!" מור־ מעלט ער ארויס נאך יעדער פראזע. „זעהר ריכטיג!" ענדליך

הייבען זיך איהם אָן קלעפּען די אויגען. ער שטעהט אויף, פערלאָזט די צייטונג, שפּרייט אויס דעם צעריסענעם אויבער־בגד זיינעם אויף דער באנק, פון די צוויי ארבעל מאכט ער א צוזאַמענס און לעגט זיך אנידער, צודעקענדיג נאר די פּיס מיט'ן אלטען צופליקטען רעקיל. די אויגען קלעפּען זיך, אבער ער פיהלט זיך זעהר אויפגערעגט און קאָן ניט שלאָפען. דערצו נאָך דארף ער זיך דערמאנען, אז ער איז הונגעריג...

זיין שטענדיג אָפּטימיסטישע שטימונג הייבט ביסלעכווייז אָן צו פערשווינדען.

— אַ, גאָט מיינער! — ווערט ער ענדליך, געדריקט פון הונגער, פערצווייפעלט: אזוי פיעל ארבייטער זיינען נאָך ניט אָרגאניזירט, איך בין באַיקאַטירט; ניט קיין דירה, ניט קיין עסען... דער פעראיין איז אָרעם, קאָן מיר ניט העלפען. און צו דער סאָציאלער רעוואָלוציע איז נאָך אזוי ווייט, אזוי ווייט!...

# חברים.

פון טורמע, וואו ער איז אָבגעזעסען 9 מאָנאַטען, איז בעריל ארויס א זייגער 7 פאר נאכט. דאָס קליין פּעקעלע, אין וועלכען ס'איז געלעגען א פּאָר שווארצע צעריסענע העמ־דער, האָט ער הינטער'ן פּארקאַן אוועקגעוואָרפען.

— אַז פריי זיין — איז פריי! — האָט ער זיך געווי־צעלט אין געדאנק.

ער האָט זיך געלאָזט געהן אין דער צווייטער גאס, וואָס איז געווען בעלעבט מיט פיעל שפּאַצירענדע, איבערהויפּט מיט יונג־וואָרג; עס האָט געקלונגען א פרעהליך־לאכען פון יונגע מיידלעך, וואָס האָבען פעסט געהאַלטען אין די אָרעמס זייערע הערעז און פלעגען זיי אין די אויגען אלע ווייַלע ארייַנקוקען מיט גרויס ליעבע און גאנצער איבערגעבענהייט. ער האָט צווי־שען די אלע געזוכט זיינע בעקאַנטע, נאָר ער האָט קיינעם ניט געפונען. ער האָט אזוי געבענקט נאָך א בעקענט פּנים, נאָך א פריינד'ס א קול! נאָר צווישען די אלע שפּאַצירענדע איז קיינער פון זיינע פריינד ניט געווען. האָט ער זיי ערגעץ אנדערש יאָ געהאַט? ער האָט אליין ניט געוואוסט. אויף דער „ארבייטער־בירזשע" וואָלט ער זיכער עמיצען געפינען, נאָר גלייך פון דער טורמע אויף דער בירזשע איז אביסעל צו געפעהרליך.

— וואוהין זשע גער איך? — האט ער זיך אליין אב־געשטעלט מיט א פראגע.

ער האט זיך דערמאנט אן זיין אמאליגען „חבר“ בינושען, וועלכער האט שוין מיט א יאהר צוריק חתונה געהאט מיט דער חבר'טע ביילקען און וואוינען ערגעץ אין א שטיל פערוואר־פען געסעל. די חברים זיינען אפילו אויף בינוש'ן בייז געווען, וואס ער האט כמעט איננאנצען פערלאזען די בעוועגונג, אבער אריינגעהן צו איהם קען מען דאך.

ער איז אוועק צו זיי און האט געהענדיג בעשלאסען, אז ער וועט דארטען שוין אויך נעכטיגען.

אז ער איז אהין אריין איז שוין געווען 8 אזייגער אין אווענד. דאס קליינע צימער, וואו בינוש האט געוואוינט, האט אויסגעזעהן. ווי אן עכטער טויבען־נעסט. נאר די צוויי בעטען, וואס זיינען געשטאנען הארט איינע נעבען די אנדערע און זעהר גלאט און פארזיכטיג פערבעט, האבען געשריען הויך, אז דא וואוינען ניט קיין טויבען, נאר מענשען...

ביינוש האט איהם אנפאנגס ניט דערקענט; בעריל האט געלאכט, און זיך אלץ ניט געלאזט דערקענען. נאר אז ער האט דערזעהן, אז ביינוש ווערט אלץ ערנסטער און ערנסטער, האט ער ארויסגעשאסען:

— איהר דערקענט ניט בערלען?...

— אך! — האט ביינוש אויסגערופען, און ס'איז געווען שווער צו דערקענען צי איז ער צופריעדען, צי דערשראקען. ער האט בערלען אנגעקוקט א קליין וויילע און שוין רוהיגער צוגע־געבען:

— אבער זעהט איהר אויס, ווי א מת... זענט איהר לאנג געזעסען?

— ניין חדשים... האט בערעל געענטפערט מיט א שמאלץ...

— פאר וועלכע מעשים טובים? — האט ביינוש גע־פרעגט מיט א שמייכעל.

— אָ, ברודער! — האט זיך בערעל צוהיצט און האט זיך שוין אוועקגעזעצט — געזעסן בין איך פאר א פיינער מעשה: סך הכל האט מען מיך חושד געווען, אז איך האָב גע־נומען אנטייל אין הרג'ענען א גאָראָדאָוואָי... איך בין געווען גיט ווייט פון פעטליע....

ביינוש האט א ציטער געטהאָן און קוים ארויסגערעדט:

— וואָס רעדט איהר? איהר זענט דאָך, ווי איך געדענק, צווישען טעראָריסטען קיינמאָל ניט געווען?

— מען דארף דוקא זיין?... — האט בעריל געשמיי־כעלט, און זיינע ליפען אין די ווינקלען האָבען זיך מאָדנע פער־קרימט — ס'איז גענוג, אז איך בין בשעת מעשה געווען אין גאַס...

ביינוש האט אויף איהם געקוקט ווי מיט חשד. ס'איז גע־ווען קענטיג, אז ער האט עפעס געוואָלט זאָגען, פרעגען, און ניט געוואוסט, ווי אזוי אָנצוהויבען. די שטילקייט האט גע־דויערט א פאָר מינוטען און בערעל האט בשעת מעשה גע־טראכט:

— ער איז געוואָרען קליין... קליין... אָבער נעכטיגען וועל איך פאָרט דאָ...

— וואו איז ערגיץ אייער ביילקע? — האט בעריל איהם ענדליך געפרעגט און ניט געוואוסט אליין, פאר וואָס ער שמיי־כעלט.

— ביילקע... ביילקע קומט באלד.

און ווירקליך איז באלד אריין ביילקע, — א הויך שלאנק ווייבעל מיט טיעפע שווארצע אויגען און מיט א קאָפּ געדיכטע האר. זי האט אויסגעשטעלט איהרע אויגען אויף בערלען און ווי פערוואונדערט האט זי אויסגערופען:

— בערעל!

— בערעל! בערעל! — האָט בערעל בעשטעטיגט און האָט, אויפשטעלענדיג זיך, דערלאַנגט איהר די האַנד, ניט וועל־לענדיג אַרויסווייזען זיין נאָהענטקייט צו איהר. האָט ער איהר האַנד שטאַרק אַ דריק געטהאָן.ביילקע האָט זיך מאָדנע, צי פון וועהטאָג צי פון אונצופריעדענהייט, פערקרימט. בערעל האָט עס בעמערקט און האָט גלייך חרטה געהאַט.

— איהר זענט, הוכט זיך, געזעסען? — האָט זי קאַלט געפרעגט.

— איך בין געזעסען און געלעגען און געשטאַנען — האָט בערעל געפרובט צו בעשאַפען אַ לייכטע שטימונג ביים פּאָר פּאַלק. ס'איז איהם אָבער ניט געראָטען. דאָס פּאָר פּאַלק, וואָס זיינען אַמאָל געווען די ערשטע אין דער בעוועגונג, האָבען אויסגעזוצעהן זעהר טרוקען און האָבען אַלע ווײַלע איינע די אַנ־דערע אַנגעקוקט. אַזוי קוקען אַז צוויי גליקליכע רוהיגע מענ־שען, ווען צווישען זיי מישט זיך אַריין אַ דריטער, אַן אונ־גליקליכער.

— נו, ביינוש, ווערסט שוין עסען? — האָט ביילקע גע־פרעגט.

— עסען? — האָט ביינוש איבערגעפרעגט, ווי עס וואָלט געגאַנגען אין אַ זעהר וויכטיגער זאַך — איך וויל נאָך אפילו ניט אַזוי שטאַרק, נאָך ס'איז שוין צייט!

— און איהר, בערעל? — האָט ביילקע העפליך, אָבער קאַלט זיך געווענדט צו בערלען — איהר ווילט אפשר אויך עסען?

— עסען? — האָט אויך בערעל איבערגעפרעגט, אָבער האַלב פערשעמט און איבערזעצענדיג זיך אויף אַ צווייטען שטוהל. איך מיין, וואָס קען דאָ זיין... אַז איהר וועט עסען, וועל איך אויך עפּעס אַ ביס טהאָן... שטאַרק הונגעריג בין איך אויך ניט...

ביילקע האָט זיך גלייך גענומען מאַכען דעם אָווענד־ברויט און אָנגעצונדען די מאַשינקע.

אין צימער איז געוואָרען שטיל. נאָר די מאַשינקע האָט שמאַרק ווי אַ גרויסע ביהן געזשוזשעט און גערוישט. בערעל האָט געוואָלט דערצעהלען זיינע געוועזענע חברים עטליכע אינ־טערעסאַנטע פּאַרפּאַלען אין דער טורמע: למשל, וועגען הונגער־שטרייק, וואָס האָט געדויערט גאַנצע 7 טעג און מ'האָט אויס־געפיהרט אַלע גוטע זאַכען: שפּאַצירען גאַנצע 20 מינוט און שטעהן ביים פענסטער און איידעלע בענעהמונג; ווי אַזוי מען האָט דעם פּראָקוראָר אויסגעפייפט, אַז ער איז צו די פּאָלי־טישע געקומען. און איבערהויפּט האָט זיך איהם געוואָלט דער־צעהלען זיינע חברים, וואָס פאַר אַ דריקענדע שטימונג עס האָט געהערשט, בשעת מען האָט איוואַנאָוו'ן פאַר'ן אַנפּאַל אויפ'ן פּאָליציימייסטער, 5 אַ זייגער פאַר־טאָג ארויסגעפיהרט הענ־גען; ווי אַזוי אַלע פּאָליטישע ביז איינעם האָבען געקלאַפּט אין די טהירען, געשלאָגען די פענסטער, און צוויי מיידלעך האָ־בען געחלש'ט.... נאָר קוקענדיג אויף זיינע חברים, דאָ אויף ביינוש'ן, דאָ אויף ביילקען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זיי וועלען גלייך אָנהויבען צו גענעצען ביי דער ערשטער מעשה...

— זיי זיינען קליין געוואָרען... קליין... האָט ער ווייטער גענומען חזר'ן אין געדאַנק ווי ער וואָלט מורא האָבען נים צו פערגעסען אַזאַ וויכטיגע ערשיינונג. — אבער נעכטיגען, האָט ער ווידער גע'חזר'ט אין געדאַנק, וועל איך דאָ..

דער אָווענד־ברויט איז בעשטאַנען פון ברויט מיט פּוטער און פון צוויי סאָרטען קעז, און פון קאַווע גוט פערווייסט מיט מילך. עסענדיג האָט בערעל בעמערקט, ווי ביילקע שמירט אַלץ נייע שטיקלעך ברויט מיט פּוטער, לעגט אַרויף די צוויי מינים קעז אויף זיי און ווענדט זיך אַלץ צו ביינוש'ן, אַרייג־קוקענדיג איהם ליעב אין די אויגען:

—עס, ביינוש... עס...

— זיי זיינען קליין געוואָרן... קליין... האָט בערעל וויי־דער גענומען חזר'ן אין געדאנק...

נאָכ'ן עסן האָט בערעל, וואָרפענדיג זיינע בליקען אויף דער קליינער סאַפע, וואָס איז געשטאַנען האַרט ביים וואַנד, שוין געוואָלט אַרויסזאָגען זיין פערלאַנג, אַז ער וועט דאָ היינט נעכטיגען... נאָר גראָד האָט ביינוש מיט אַ שמייכעל, פער־רויכענדיג אַ פּאַפּיראָס (און פערגעסענדיג דערמיט מכבד זיין בערלען), אַ זאָג געטהאָן צו ביילקען:

— ווייסט, ביילקע, אין וואָס מען האָט דעם דאָזיגען שעפּס תושר געוועזן? אַ נו, טרעף!

— וואָס הייסט חושד געוועזן? — האָט ביילקע זיך פערוואונדערט — וועגיג האָט ער רען געאַרבייט, ווי איך גע־דענק, אין דער בעוועגונג?

— דאָס איז אַ בעזונדער זאַך, — האָט ביינוש, אַרויס־לענענדיג זיין האַנד אויף ביילקעס האַלב ענטבלויזטער פּליי־צע, געענטפערט — אַן אַרבייטער איז ער געווען איינער.. דאָס געדענק איך נאָך... אָבער היינט איז ער געזעסען נאָר אומזיסט — מען האָט איהם חושד געווען, אַז ער האָט גע'הרג'עט אַ נאָראָדניק...

— וואָס רעדסטו? — איז ביילקע פערציטערט געוואָ־רען...

— נו, וואָס האָט איהר זיך אַזוי דערשראָקען... האָט בערעל זי בערוהיגט, — איהר זעהט דאָך, אַז איך בין פריי.

— יאָ, פריי! ווער ווייס, צי זענט איהר ניט ענטלאָפען!

— האָט ביילקע געזאָגט, קוקענדיג אויף איהם מיט חשד.

— נו, אַזאַ העלד בין איך נאָך ניט... ס'הייסט, אייגענט־ליך האָב איך געקלערט מיט אַ חודש צוריק צו ענטלויפען... נאָר...

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף ביינוש'ן, אויף ביילקען און

אויף דער סאַפּקע און האָט זיך אָבגעהאַקט. צי וואָס זאָל ער זיין דערצעהלען מעשיות ?..

אין צימער איז ווידער שטיל געוואָרען. ביילקע האָט א קוק געטהאָן אויף ביינוש'ן און אויף בערלען, און א מבין אויף שטום־לשון וואָלט גלייך פערשטעהן, אז דאָס האָט זי גע־פרעגט:

— ווען וועט ער שוין אוועקגעהן ?

ביינוש האָט דעם קוק, קענטיג, פערשטאַנען. ער האָט זיך אויפגעהויבען און ווענדענדיג זיך צו בערלען האָט ער געזאָגט:

— נו, און וואָס איז מכח א דירה — האָט איהר שוין ?...

איהר דאַרפט זיך דאָך ערגעץ זעהן איינמעלדען. היינט איז דאָך סכנות נפשות !

— דריי חדשים טורמע ! — האָט ביילקע א דערשראָ־קענע צוגעהאָלפען.

— קיין דירה האָב איך ניט... איך מיין א נאַכט איבער־נעכטיגען איז קיין סכנה ניט... האָט בערעל בערוהיגט...

— נו, האָט איהר שוין וואו ? — האָט ביילקע געפרעגט. מען וועט דאָך באַלד פערמאַכען די טויערן.

— איך האָב געמיינט... איך האָב געוואָלט דאָ ביי אייך איבערנעכטיגען...

— וואָס רעדט איהר ? ביי אונז ? וואו ?... ס'איז דאָך ניטאָ וואו... מיר האָבען דאָך נאָר א י י ן צימער. איהר זעהט דאָך... האָט ביילקע זיך ווי רחמים געבעטען...

— איהר זעהט דאָך, אז איין צימער... ווי אזוי ? האָט זיך אויך ביינוש גענומען בעטען.

בערעל האָט זיך דערמאָנט, אז מיט עטליכע יאָהר צוריק זיינען ע ר, ביינוש און ביילקע און נאָך צוויי חבר'טעס און צוויי חברים געשלאָפען אלע אין א קליינעם צימער און עס איז אויסגעקומען אזוי שעהן, אזוי פרעהליך און אזוי ערהאַבען. ער האָט דאָס זיי געוואָלט דערמאָנען, נאָר א קוק טהוענדיג

אויף די צוויי בעטען פון דעם דאזיגען פאר פאלק, ווי אזוי זיי זיינען ריין און ארענטליך פערבעט, האט ער גלייך דערפיהלט דאס קליינליכע לעבען, וואס עס פיהרען איצט די דא־זיגע צוויי געוועזענע חברים אין דעם דאזיגען צימער און ער האט זיך אויפגעהויבען פון ארט אויף אוועקצוגעהן.

דערזעהענדיג, אז ער הויבט זיך אויף אוועקצוגעהן, זיי־נען זייערעביידע פנימ'ער געווארען גלייך פערענדערט. א זיסע צופרידענהייט און גוטסקייט האט זיך אויף זיי אויסגעגאסען. ביילקע האט געהאלפען זוכען זיין הוט, וואס האט זיך פער־ווארפען הינטער'ן קאמאד, און אז בערעל האט איהר ניט גע־וואלט לאזען, האט זי זעהר פריינדליך געזאגט:

— אך, איך בעט אייך זעהר... אדרבה... אט איז עס...

און בייגוש האט ארויסגעכאפט דעם פארטסיגאר, און גע־בענדיג בערלען א פאפיראס, האט ער געזאגט:

— איהר רויכערט, דאכט זיך... איהר ווייסט דאך. אז מיט'ן גרעסטען פערגעניגען... נאר ס'איז ניטא וואו... איהר זעהט דאך...

— ס'וואלט נאר געווען וואו... מיט'ן גרעסטען פערגע־ניגען — האט אויך ביילקע צוגעהאלפען.

און זיי זיינען געווען אזוי גוט, אז בערלען האט זיך גע־דאכט, אז זיי וואלטען איהם יעצט אלץ אוועקגעגעבען, נאר ער זאל זיי לאזען אליין, ער זאל נאר אוועקגעהן...

די דאזיגע פריינדליכקייט האט איהם אזוי בעליידיגט, אז ער איז ווי צוטומעלט נעשטאנען און זעגענענדיג זיך. האט ער געשטאמעלט עפעס מאדנע אונדייטליכע ווערטער. און האט זיי ביידען זעהר שטארק געדאנקט פאר'ן אווענט־ברויט.

אז ער איז ארויס, איז שוין דרויסען געווען פינסטער, די טויערען פון די הייזער — אומעטום פערשפארט. און איהם האט זיך געדאכט, אז פערשפארט זיינען זיי נאר פון איהם אליין. און ער האט זיך דערפיהלט, ווי א גרויסער פערברעכער.

א דערשראָקענער האָט ער זיך גענומען גיין ווייטער און טרעפענדיג אין א טאָג נאָך אין איינזאַמען גאַראַדאָווױ, האָט זיך איהם געוואָלט צוגעהן און פרעגען:

— ווייסטו ניט, חבר, וואו קען מען ערגעץ איבערנעכטיגען?...

און גלייך האָט ער זיך פערשעמט און דערשראָקען פאַר אזא מאָדנעם געדאַנק און האָט זיך גענומען גיין ווייטער, זוכען חברים...

# מיין מאמע.

(דערצעהלט פון אן ארבייטער)

פאר קעסט צאָהל איך דער מאַמען 6 רובל א חודש. אַלע ראָנערשטאג אָוועגט, ווען איך קום פון דער פאבריק א פער־מאַטערטער, א פערשוואַרצטער און די מאַמע בעגעגענט מיך מיט א קרעכצעלע, נעהם איך שטום ארויס דאָס בייטעלע און צעהל איהר אויס צעהן גילדענס — איינציגע גילדענס. די מאַמע צעהלט עס איבער מיט א קרעכצעלע, לעגט עס אריין אין א בלעכענער פערזשאַווערטער קוואָרט, וועלכע איז נאָך מיט 10 יאָהר צוריק „טרייף" געוואָרען און דיענט פון דאַמאָלס אלס איהר קאַסע, און מיט א קרעכצעלע זאָגט זי ארויס:

— נו, געה עסען!...

איהר פערשטעהט? — די מאַמע, די אלטע, פרומע מאַמע, וואָס דערמאַנט נאָך יעדערע צוויי ווערטער דעם „רבונו של עולם", וואָס קאָן אויסוויינינג דעם גאַנצען ש"ס תחנות, וואָס מאַכט א ברכה אויף אביסעל קאַלט וואַסער, וואָס עסט ניט אויף א כזית ברויט אומגעוואַשען, — מיין אַלטע פרומע מאַמע זאָגט מיר גלייך:

— נו, געה עסען... געה וואַש זיך, דאָס האָט זי מורא צו זאָגען....

און דאָס איז נאָר דערפאַר, וואָס זי פּערדיענט אַן מיר אַ פּיערטעלע אַ וואָך, און אפשר אַ צוויי גילדען...

ליעב האָב איך זי ניט, נאָר דאַמאָלס, ווען איך גיה גלייך צום טיש עסען אומגעוואַשען, און טהו נאָך אויס דאָס היטעל, — דאַמאָלס וויינט מיר דאָס הארץ אויף מיין אָרימער פרומער מאַמען, וואָס איז געצוואונגען מיט אַ פּיערטעלע אַ וואָך צו פערקויפען איהר גרויסען, שטאַרקען גאָט...

איך בעשליס מיך אַלע טאָג כמעט, פון היינט אָן גיהן וואשען זיך און עסען אין אַ היטעל, נאָר איך קען ניט, איך קען ניט!... איך בין, פערשטעהט איהר מיך, אַן ענטוויקעל־טער ארבייטער, איך ווייס, אַז דער הימעל איז קיין הימעל ניט, — עס איז לופט; איך ווייס אביסעל פון דאַרווינניזם, איך ווייס וואָס בעדייט קאַפּיטאַל, איך ווייס, ווי אזוי די ערשטע מלוכה האָט זיך געגרינדעט, איך ווייס ווי אזוי אַלע מנהגים האָ־בען זיך ענטוויקעלט. דאָס וויסען האָט מיר אזוי פיעל מיה גע־קאָסט, און פּלוצים — גיה וואַש זיך צום עסען און עס אין אַ היטעל!... אמת, דער מאַמען איז אַ רחמנות, אָבער מיר איז דאָך אויך אַ רחמנות, און, פאַר וואָס זאָל מיין גאָט זיין בי־ליגער פאַר איהר גאָט?...

אָבער ליידען לייד איך דערפון זעהר טיעף און קיין גרויס הנאה האָב איך ניט פון עסען...

אמאָל לויפט נאָך צו מיין בלייכע 13 יעהריגע הונגעריגע שוועסטערל און כאַפּט אַ שטיקעל ברויט פון טיש, און כאַפּט זיך גלייך עסען. די מאַמע דערזעהענדיג עס, פאַלט אויף איהר ארויף און שלאָגענדיג זי, שרייט זי:

— אַ, דו גויה דו, משומדת'טע! אָהן געוואַשען..

— „מאַמע — און איך“? רייסט זיך ביי מיר שיעור ניט ארויס פון דער צונג.

און מיר דאַכט זיך, אַז די מאַמע פיהלט עס און וויל מיר ענטפערען:

— דו, מיין זוהן, מעגסט — דו פערדיענסט...

איך מעג — איך פערדיען. אט וועט זי באלד געהן אין יאטקע און וועט פאר מיינע געלד נעהמען פלייש, און מארגען, פרייטאג, וועט זי שבת מאכען, זי וועט קויפען ליכט און וועט זיי בענשען, און פערדעקענדיג מיט די הענד דאס דארע צע־קנייטשטע פנים, וועט קיינער ניט זעהן איהרע טרעהרען, אוי־סער, גאָך איהר מיינונג, גאָט.

רחמנות האָב איך שטארק אויף מיין מאַמען; אז איך זעה איהר פאר דער צייט פערעלטערט־פנים, אז איך זעה איהרע אויסגעלאשענע פערצווייפעלטע אויגען, אז איך זעה איהרע דארע הענד, וועלכע ציטערן, ווען זיי דערלאנגען מיר צום טיש עפעס עסען, — אז איך הער איהר שטיל דערשלאָגען קול, קלעמט מיר דאָס הארץ, — ליעב אָבער האָב איך זי ניט... —

איך בין אן אָרימער דערשלאָגענער ארבייטער, פון פינס־טער ביז פינסטער שטעה איך אין פאבריק און זעה נאָר פאר מיר די דארע פנים'ער פון מיינע חברים, הער נאָר צרות און צרות פון זיי, זעה פאר די אויגען די גרויסע פערשטויבטע פענסטער, איבערגעצויגען מיט אייזערנע גראטעס, ווי פאר ארעסטאנטען, — איך האָב קיינמאָל ניט געזעהען קיין ליכטי־גען גרויסען זאַל, אויסער איין מאָל, ווען איך בין אריין צום פאבריקאנט און ווארטענדיג אויף איהם אין דער קיך, האָט זיך די טהיר פון זאַל געעפענט און עס האָט עפעס א פינקעל געטהאָן און זיך גלייך צוריק פערמאכט און דאכט זיך אויף אייביג... און דאָך, וועט איהר גלויבען, שטעקט אין מיר א נשמה פון א רייכען, פון א שטארקען, פון אן אריסטאָקראט. איך האָב פיינט אָרימקייט, פיינט שוואכקייט, דערשלאָגענהייט... איך ווייס ניט פון וואנען קומט עס צו מיר? מיין טאטע, מיין מאַמע, מיין באָבע, מיין זיידע — די גאנצע משפחה, וואָס שלעפען אויף זיך די ירושה פון צעהן דורות אָרימקייט, זיינען אלע אזוי געוועהנט דערצו, און קרעכצען אפילו ניט שטארק, און

בוקען זיך און בייגען זיך פאר א גראשען, פאר איין איינציגען קליינעם גראשען, און איך, זייער יורש, וואס אין מיר פליעסט זייער בלוט, האס עס אזוי, דריק די פויסטען קעגען דעם אלעם, און האב פיינט מיין אייגענער מאמען...

און אפטמאל, ווען די מאמע דערלאנגט מיר עסען און איך זעץ זיך אוועק ביים טיש, טהו א ווארף דאס היטעל אח הויב אן גלייך עסען, און די מאמע רוקט זיך, ווי א שאטען און מאכט זיך כלומר'שט ניט זעהענדיג און ניט וויסענדיג, קאכט אין מיר אויף דאס בלוט און מיר ווילט זיך אויסרופען:

— מאמע, וואס זאגסטו גאר נישט? וואס שווייגסטו? מאמע! שלאג מיך, צופ מיך, ריים מיך — שריי, בייזער זיך! מאמע, פראטעסטיר, ווען מען קויפט ביי דיר אב פאר א פערטעלע דיין נאט, מאמע לאז זיך ניט!... ראנגעל זיך!...

נאר די מאמע געהט צו און מיט איין אראבגעלאזענעם קאפ, מיט א קראנקען קול פרעגט זי:

— ווערסט אפשר עסען א שטיקעל רעטיך צו פלייש?...

„מאמע, איך עס דאך אהן א היטעל" — שפרינגט מיר פון צונג, נאר איך האב רחמנות אויף איהר און האלט זיך איין. —

ליעב אבער, האב איך זי ניט: נאר איך האב זיך אליין איך ניט ליעב!...

און ווען האב איך דען יא ליעב?

# דער פ. פ. ס'ניק.

1.

געהערט האָט ער צו דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. געווען איז ער אָבער מעהר פּאָליאַק, ווי סאָציאַליסט, וועניגסטענס האָט זיך אַזוי געדאַכט, לויט זיינע מיינונגען, וואָס ער פלעגט אָפט אַרויסזאָגען. בעגעגענט האָב איך זיך מיט איהם אין קראָקוי, וואו ער האָט אַלס ענטלאָפענער פאַר פּאָליציי פערפאָלגונגען אין וואַרשוי, זיך דאָ בעזעצט.

— איך מוז וואוינען אין אַ פּוילישער שטאָדט! — האָט ער מיר ערקלערט, ווען איך האָב איהם געפרעגט, פאַר וואָס איז ער ערגעץ אַנדערש ניט געפאָהרען.

געווען איז ער אַן איינפאַכער אַרבייטער, אָבער ניט קיין עם הארץ אין עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פראַגען: אַן ענטוויקעלטער, הייסט עס. און כאָטש ער האָט זיך ענטוויקעלט אויף דער אידישער ליטעראַטור, ד. ה. אויף די אידישע אונלעגאַלע בראָשורען, האָט ער אָבער פון אידיש ניט שטאַרק געהאַלטען, געזאָגט, אַז איין וויספּיאַנסקי איז מעהר ווערטה פאַר אַלע אידישע שרייבער מיט פּרץ'ן צוזאַמען.

— נאָר איין פייגענבוים איז דאָ, וואָס מען קען זיך מיט איהם רעכענען, פלעגט ער זיך כאַפּען צוריק.

פון פייגענבוים'ען האָט ער שטאַרק געהאַלטען, געשטאָלצירט וואָס ער געהערט צו פּ. פּ. ס. און אַפילו וואָס אין אַמערי־

קא ארבייט ער אויך פאר די דאָזיגע פארטיי. אין אלע דיספוּטען מיט מיר פלעגט ער זיך בעציהען אויף פייגענבוים'ס מאמרים, ווי א פרומער איד בעציהט זיך אויפ'ן שולחן ערוך.

איך פלעג מיט איהם אָפט זיך בעגעגענען און מפלפל זיין זיך. ניט חלילה ווייל איך האָב שטארק געהאלטען פון זיינע מיינונגען קענען וועלכע עס איז כדאי ארויסצוטרעטען. עס איז מיר געווען נאָר אינטערעסאנט, ווי אזוי דער דאָזיגער ארבייטער וועמעס נאָמען איך וויים עד היום ניט, האָב ליעב געהאט דאָס פוילישע פאָלק און ווי אזוי ער פלעגט זיך אויסדריקען וועגען אידען און אידישקייט. איך האָב אין איהם געזעהן א מוסטער פון אונזער צוקאָליעטשעטער יוגענד...

— אידען אסימילירען זיך! דאָס איז א פאקט! — פלעגט ער זעהר אָפט זאָגען — און דאָס איז דער איינציגער וועג. דאָס הייפעלע נאַציאָנאַליסטען, וואָס ווענדען אָן אלע געקינסטעלטע מיטלען ניט צודערלאָזען דאָס, בעטראַכט איך, ווי פאָלקספעררעטער...

— און פאר וואָס אסימילירט איהר זיך ניט? — פלעג איך איהם פרעגען.

— וואָס הייסט — איך אסימיליר זיך ניט! — פלעגט ער זיך אָנצינדען — וואָס זעהט איהר אין מיר אזוי פיעל אידישקייט?

— אָבער חתונה האָט איהר געהאט מיט א אידיש מיידעל... — האָב איך איהם א שטאָך געטהאָן.

— וואָס הייסט מיט א אידיש-מיידעל! — האָט ער זיך אָנגעכאפט — איך וואָלט זיך ניט אָבגעזאָגט פון א פויליש מיידעל אויך. עס האָט זיך פונקט אזוי געמאכט...

— וואָס הייסט געמאכט? — האָב איך כלומר'שט גערופט מיט איהם דיסקוטירען — איהר, אלס מארקסיסט, זאָלט עס זאָגען, איז מיר א וואונדער. יעדע זאך האָט דאָך איהר אורזאכע.

מיט דעם דאָזיגן שטיקעל דרש האָב איך איהם אין אַנ־הויב אנידערגעשטעלט. ער, א פערהאָרעוועטער ארבייטער, איז קענטיג ניט אזוי געשיקט געווען צו פערענטפערן קשיות. באַלד אָבער האָט ער זיך געכאַפּט און געענטפערט:

— מיין ווייבעל, מעגט איהר מיר גלויבען, איז אן אמת'ע פּוילין — אין שטוב ריידען מיר פּויליש, לייענען פּוילישע ביכער, געהען אין פּוילישען טהעאַטער, איהר מעגט מיר גלוי־בען... האָט ער זיך ווי גענומען בעטען רחמים — מיין ווייבעל איז זעהר ווייט פון אידישקייט.

— איך גלויב אייך! — האָב איך איהם בערוהיגט, אבער איהר זעהט, אז ניט אזוי גרינג אסימילירט מען זיך דאָך.

— אוראי! — האָט ער מודה געווען, און איז קענטיג צופריעדען געווען, וואָס ער איז ווי עס איז ארויסגעקראָכען א גאַנצער פון מיין פריהערדיגער קשיא — עס דאַרף נאָך גע־דויערן, אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אסימילירען זיך אידען. דאָס איז א פאַקט!

און קומענדיג שוין ווידער צו זיך פלעגט ער אַנהויבען ווייטער ארויסזאָגען זיינע מיינונגען וועגען אידישקייט:

— אָט נעהמט למשל א ברית ביי אידען... נו, איז דאָס ניט אזיאַטיש?... דאַרפען זיך אידען האַלטען ביי אזא אזיאַ־טישען מנהג?...

— נו, און אויסער דעם האָבען מיר דען גאָר נישט? — האָב איך איהם קאַלט געפרעגט.

— יאָ, מיר האָבען נאָך גענוג נארישקייטען — האָט ער זיך געוויצעלט — למשל: מלקות, כפּרות שלאָגען, תשליך...

— נו, און די פּאָליאַקען האָבען שעהנערע מנהגים?

— געוועהנליך. יעדעס פאָלק האָט נארישע מנהגים — האָט ער מיר נאָכגעגעבען, אָבער אזוינע מנהגים, ווי אידען האָבען, האָט עס קיין פאָלק ניט.

---

## 2.

איינמאָל נעהענדיג פאַרנאַכט אין גאַס, האָב איך איהם בעגעגענט, טראָגענדיג אין ביידע הענד קליינע פעקלעך פער־וויקעלטע אין פאַפּירען.

— אַ, וואָס מאַכט איהר? — האָב איך איהם אָבגע־שטעלט.

— איך האָב זעהר קיין צייט ניט! — האָט ער געענט־פערט און ווי פערשעמט, אין אַ רגע אַרום צוגעגעבען!

מיין ווייב האָט היינט ביינאַכט אַ איינגעל געבוירען...

— מזל־טוב אייך! — האָב איך נעלאַכט — זענט איהר שוין אַ טאַטע, הייסט עס.

— אַ טאַטע, ווי דען? — האָט ער מיט אַ פערשעמטער פרעהליכקייט מודה געווען.

דיספּוטירען מיט איהם איז איצטער, נאַטירליך, קיין צייט ניט, איך האָב איהם אָבגעלאָזען, זאָל ער געהן נעזונטערהייט דער פּ. פּ. ס.־ניק... נישקשה, ער וועט נאָך קומען.

און ער איז טאַקע אין אַ וואָך אַרום נעקומען צו מיר.

— וואָס וועט איהר זאָגען גוטס? — האָב איך איהם גע־פרעגט.

— איהר וועט פון מיר לאַכען, — האָט ער ווי אַ דער־שראָקענער געשטאַמעלט — און איהר וועט זיין גערעכט... געפעלט אייך אַ מעשה, אַז מיין ווייבעל וויל ניט אַנדערש פּראַ־ווען אַ ברית...

ענדיגענדיג די פּאָר ווערטער איז ער געוואָרען אַזוי רויט, אַז איך האָב גלייך פערשטאַנען, אַז ניט דאָס ווייבעל אַליין וויל דאָס, נאָר ער וויל דאָס אויך... און איך האָב זיך געסטאַ־רעט איהם אַרויסנעהמען פון דער פערלעגענהייט.

— וואָס הייסט לאַכען?... פאַר וואָס זאָל איך לאַכען?... מען קאָן זיין אַ פרומער פּ. פּ. ס.־ניק און מאַכען אַ ברית.

— דאָס פערשטעה איך, — האָט ער ווי קומענדיג צו זיך

געזאָגט — פון מיינע מיינונגען וועל איך קיינמאָל ניט אָב־טרעטען... זאָלט איהר למען השם מאָרגען קומען... מען מוז דאָך האָבען א מנין. וואָס זאָל מען טהאָן?

— מען איז דאָך עפּעס שטיקלעך אידען... — האָב איך איהם אונטערגעהאַלטען.

— זאָל זיין שטיקלעך אידען... טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט, אבי קומט מאָרגען עלף א זייגער.

איך בין נעקומען פּינקטליך. געוואוינט האָט דער אר־בייטער אין א קליין צימערל; דער מנין אידען מיט די עטלי־כע נויטיגע פּרויען ביי דער קינפּעטאָרין האָט געמאַכט אַן אונ־ערטרעגליכע ענגשאַפט, אַזוי אַז דער בעל־סנדק, דער בעל־הבית פון הויז, א דיקער בייכיגער איד, האָט קוים זיך אַן אָרט געפונען.

דער בעל־ברית אבער איז ניט געווען אַנגערוקט, אדרבא זיין גאַנצעס אויסזעהן איז געווען יום־טוב'דיג און, ווען איך זאָל קיין מורא ניט האָבען, וואָלט איך געזאָגט — עכט אי־דישליך.

גלייך נאָך דער אָפּעראַציע האָט זיך דאָס אכטאָגיג־קינד שרעקליך צושריען, איך האָב זיך צוגערוקט נאָהענט צום בעל־ברית הערען פון איהם א שטיקעל פּראָטעסט. ער אָבער האָט געשוויגען און איז ערנסט יום־טוב'דיג געשטאַנען און אכטונג געגעבען אויף די קוואַטער, וואָס האָבען דאָס קינד צוגענומען פון סנדק און איבערגעטראָגען צו דער קינפּעטאָרין.

נאָכדעם האָט מען גענומען צו ביסלעך בראָנפען, א פּאָר חסידישע יונגע לייט, שכנים פון זעלבען הויף, האָבען גענומען זינגען א פרעהליכס, דער בעל־ברית, דער ב. פּ. עסניק, האָט שטיל אונטערגעהאַלטען און זיין פּנים האָט געשטראַהלט...

איך בין געזעסען, האָב צוגעקוקט, צוגעהערט און אין מוח האָט פון מיר חוזק געמאַכט זייגע אַן אַלטע פראַזע.

— אידען אסימילירען זיך... דאָס איז א פּאַקט!...

— יאָ, א פאַקט, א פאַקט! — האָב איך אין געדאַנק צוריק חוזק׳דיג געשמייכעלט.

---

אין דריי וואָכען ארום איז דער פּ. פּ. עסניק ווידער צו מיר געקומען.

— איך וואָלט אייך געבעטען א טובה... מאָרגען מאַך איך א פּדיון־הבן... א בכור! קומט צוגעהן, מיר וועלען נעהמען צו ביסלעך בראַנפען.

— נו, ברודער, דאָס איז שוין צופיעל... — האָב איך געענטפערט — אַזאַ אסימילאַטאָר בין איך שוין נים...

ער איז אוועק א פערשעמטער...

# אינהאלט:

